7.1.87
צו מיינע פריינד [illegible]
מיט פרייד
[illegible]

**יוסף בערמאן**

# מיין הקפה ארום דער וועלט

☆ ☆ ☆



---

Printed in Canada
by
ADLER PRINTING REG.
4180 de Courtrai, suite 218
Montreal, Quebec
H3S 1C3
Tel: 735-6577

## צום אנדענק פון

אונזער אומפארגעסלעכן זון נחום ע״ה
און אונזערע טייערע אייניקלאך
יאנאטהן דייוויד — יהושע ע״ה
און עליס־דזשאי — אסתר מרים ע״ה

✡ ✡ ✡

# א שטיקל אריינפיר

עס זיינען דא צוויי מדרגות, וועלכע געוויסע מענטשן דערגרייכן, און דעמלט ווערן זיי באצייכנט מיטן נאָמען וועלט־מענטשן.

די ערשטע מדרגה איז א הויכע און נאר יחידי סגולה זיינען צו איר זוכה. אט די יחידי סגולה, וואס האבן אין זייער צייט באאיינפלוסט די מענטשלעכע געשיכטע מיט זייער הויכן געדאנק אונגרויסער שאפונג אויפן פעלד פון וואָרט און קונסט, האָבן אין מערסטע פאלן, די וועלט מיט זייערע אויגן נישט געזען. אבער דאך זיינען זיי פאררעכנט געוואָרן פאר די וועלט־מענטשן פון זייער דור. די צווייטע מדרגה איז שוין ניט אזא הויכע און צו דערגרייכן איר מוז מען פראָסט און פשוט, אויספארן די וועלט.

פאָרנדיק איבער דער וועלט, און וועלנדיק איר קענען, מוז מען זיך אפשטעלן אין יעדן לאנד און פון דער נאָענט אבסערווירן זיין לעבנס־שטייגער, פאָלקס־טראדיציעס, אלטע און נייע ציוויליזאציע, זיין סאָציאלן ווילזיין אָדער צוריקגעשטאנענקייט.

לאנגע יאָרן האָב איך געחלומט צו דערגרייכן, ווייניקסטנס, די צווייטע מדרגה. אין יאָר 1959 האָבן מיר, איך און מיין פרוי, געמאכט די הקפה ארום דער גרויסער בימה־וועלט.

צי האָב איך דערגרייכט די צווייטע מדרגה — זאָלן משפטן די לייענער.

☆ ☆ ☆

ניין אזייגער אין אוונט זיינען מיר אָפּגעפלויגן פון מאָנטרעאל מיט "אייר פראַנס" קין פּאַריז. די נאַכט פון 15־טן סעפּטעמבער איז געווען א שפּעט־זומערדיק־קילע און די הימלען באַזעצט מיט שטערן. דער "סטאַרליינער" צעלאָזט זיינע ברייטע פליגל און צעשניידט מיט זיין נאָז די לופט־שיכטן און וואָלקנס, קלעטערנדיק צו זיין פיר־מייליקער הויך, ווו עס ליגט די "בים־הייווי", אנגעצייכנט פאר זיין מארשרוט.

די ווייכע קאָלדרע אונטערן לופט־וועג דעקט צו שטאָט און דאָרף, פעלד און וואַלד און דעם דריי טויזנט־מייליקן תהום, וואָס ליגט דאָרט אונטן. די שטערן, וואָס האָבן שעמערירט צו דער ערד מיט זייער נאַכט־ליכט, זיינען דאַ אין דער הויך פאַרביטן געוואָרן אויף עלעקטרישע שטערן, וועלכע באַלייכטן דעם וועג פאר דעם שטאָלענעם פויגל, וואָס שוועבט אין די הויכקייטן.

דער עראָפּלאַן איז האַלב־פּוסט און ווען "וויניקער מענטשן איז בעסער די סעודה". די שיינע סטיואַרדעס סערווירט די רייכע סעודה מיט איר אויסגעשטודירטער פראַנצויזישער העפלעכקייט און נאָך דער גלאָז שאַמפּאַן ווילט זיך מאַכן באַקוועם און זיך א ביסל אויסרוען נאָך דעם אָנגעשטרענגטן טאָג פון דער "לעצטער מינוט"־פאַראָרדענונגען. אלס דערפאַרענער רייזנדער ווייס איך, אז פון די דריי שכנותדיקע פּלעצער, וואָס זיינע ליידיק, קאָן מען מאַכן א זייער באַקוועמע בעט. איך נעם אוועק די מחיצות, וואָס טיילן אָפּ די פּלעצער און פון פיר קאָלדרעס מיט פּינף קישעלעך ווערט א זייער באַקוועם געלעגער, גוט אפילו פאר ראַיאַלטי. מיין לעבנס־און רייזע־באַגלייטערין האָט מורא טאָמער נעם איך זיך צופיל פרייהייט? אבער ווען זי זעט, אז די סטיואַרדעס דעקט מיר צו מיט א וואָלענעם "בלאַנקעט" — עס זאָל מיר, חלילה, ניט זיין קאַלט — טוט זי אויך דאָס זעלבע און מיטן באַוווסטזיין פון "בידך אפקיד רוחי וגופי" שלאָפן מיר איין א זיסן שלאָף.

אויפגעוועקט האָט מען אונדז פאר פרישטיק, א פערטל צו דריי אויף מיין זייגער. דאָך איז שוין די זון לאַנג ארויס פון איר פוטער־פּאַס און האָט מיט אירע ריי־שטראַלן דורכגעדרונגען דער פוכיקער פּערענע, וואָס האָט ווי א סכך באַדעקט די וואַסער־וועלט אונטן. דער אויבערפלאַך פון אַטלאַנטיק זעט אויס פון אויבן ווי א אומבאַוועגלעכע פאַרגליווערטע מאַסע, און וואָס מער איר קוקט אויף דעם, אלץ מער האָט איר דעם איינדרוק, אז איר זעט א קאָלאָסאַלן "סקייטינג־רינג", ווו פאַנטאַסטישע באַשעפענישן וועלן זיך באַלד צעלאָזן אין א גליטש־קאַראַהאָד.

אונדזער פראנצויזיש מיידל, מיט אירע שווארצע האָר און גרין־בלויע אויגן, ראט מיר איך זאָל איבעררוקן די ווייזערס פון מיין זייגער אויף אכט ווייל יעדער, וואָס פאָרט צו די אלטע קאָנטינענטן מוז זיך געזעגענען מיט עטלעכע שעה פון זיין לעבן און וואָס ווייטער מען פאָרט אלץ מיט מער שעהען געזעגנט מען זיך. אלס פארגיטיקונג פאר דעם פארלוסט סערווירט זי א זייער גוטן פרישטיק. נאָר ווער וויל עסן "העם און עגס" פארן דאווענען? עס ווילט זיך דאָך זאָגן מיט גרויס דאנקבארקייט: "ועם רוחי גויתי".

אונדזער עראָפּלאן פליט מיט פולן אימפעט צו זיין "ראָן־וויי" אין פאריז און צייטווייז דוכט זיך, אז ער ווערט ערגעץ פון הינטן געשטופט פון א געהיימער האנט. עס הויבן זיך אָן באווייזן שטיקער צעפּאסעוועטע גרינע פעלדער און איידער וואָס־ווען צינדן זיך אָן די אלט־באקאנטע ווערטער אין פראנצויזיש און ענגליש "פעסטן יור בעלט". עלף דרייסיק נידערן מיר אראָפּ, מיט א פארהאלטענער שנעלקייט, אויף דעם אויסגעפלאסטערטן פאס, וואָס ליגט אויסגעצויגן ווי א לאנגער טעפּיך צווישן די גראָזן פוןביידע זייטן. דער עראָפּלאן שטעלט זיך אָפּ, סאָפּענדיק נאָך פון דעם שנעלן געלויף. עס עפנט זיך די שווערע טיר און מיר טרעטן אויף פראנצויזיש ערד — דער לופט־פעלד אין פאריז.

קיין געניע סיבה פארוואָס מיר האָבן זיך נישט פארהאלטן אין פאריז ווייס איך ניט. און גראָד דאָס מאָל האָב איך זיך געדארפט טרעפן אין פאריז מיט עטלעכע יידישע שרייבער און קינסטלער און אויך מיט געשעפט־מענטשן. ראוויטש און גראדע און אונדזער סימע האָבן מיר אנגעגעבן א טוץ נעמען צו די פריערדיקע, וואָס איך האָב שוין געהאט, און מען האָט זיי שוין אפילו געשריבן וועגן מיין קומען אין פאריז.

מיר האָט אָבער געצויגן צו דער שטילער געמיטלעכקייט פון דער שווייץ און אהין זיינען מיר געפאָרן. מיר האָבן געהאט נישט קיין באשטעטיקטע רעזערווירטע ערטער צו פליען פון פאריז קיין זשענעווע. זיינען אָבער רעזערוואציעס איין זאך און זיץ־פלעצער — א צווייטע זאך. דער "וויקאאונט" פליט אפּ אין א שעה ארום און מיר זיינען אויף דער "ווארט־ליסטע". איז אָבער גאָט א פאָטער: א פאָר־פאלק, וואָס האָט זיך צעקריגט די לעצטע מינוט פארן אָפּפליען פון עראָפּלאן איז ניט געקומען, האָט דער יונגער פראנצויז אונדז אוועקגעגעבן די פלעצער. מיר פארלאָזן פאריז, קוקנדיק אויף איר נאָר פון אויבן, און איין שעה שפּעטער לאנדן מיר שוין ביים ברעג פון דער גרויסער אזיערע, וואָס שניידט דורך די הערלעכע שטאָט זשענעווע.

עס איז ניט דאָס ערשטע מאָל, וואָס מיר באזוכן די שטאָט פון פרידן און וועלט-באגעגענישן. מיר זיינען דאָ שוין געווען און ליב באקומען די דאָזיקע שטאָט. פון האָטעל-פענצטער קוקט איר אראָפּ אויף דעם ״לייק-זשענעווו״ מיט אירע טיף-בלויע וואסערן, וואָס זי האָט אויפגעזאמלט פון די אור-אלטע בערג, וואָס רינגלען איר ארום. די בריקן, וואָס זיינען אריבערגעוואָרפן איבער דער אזיערע און וועלכע פאראייניקןביידע שטאָט-טיילן, זיינען געבויט מיט אזא פעסטקייט, ווי עס איז געבויט דאָס שווייצאריש פאָלק, וואָס פילט זיך פעסטער ווי וועלכע עס איז אנדערע מלוכה אויף דער וועלט.

אין אלע זייערע שטרייטיקייטן האָט די קריגערישע וועלט ביז איצט אויסגעלאָזן אָט דער קליינער מלוכה פון זייער חשבון. אלע פון זיי: סיי די דעספּאָטישע און סיי די פרייע פעלקער האָבן פארשטאנען, אז ערגעץ ווו מוז מען איבערלאזן א רוהיק ווינקל, ווו מען זאָל זיך קאָנען צוזאמענרעדן, נאָכדעם ווי מען איז שוין מיד געוואָרן קוקנדיק אויף טייכן בלוט. אין ערגעץ זעט מען ניט אזא רוהיקן און זיכערן מענטש ווי אין דער שווייץ. דער שווייצער ווייסט, אז זיין לאנד איז אויסדערוויילט פאר שלום-זוכעניש און זיינע געביידעס זיינען אן אָרט פאר פשרה-מאכעריי. איי, פון דעם ים מיט רייד איז נאָך דערווייל קיין גרויסע ישועות אויף דער וועלט ניט געקומען: איז דאָס נאָר דערפאר, וואָס די וועלט-פירער האָבן ניט קיין צוטרוי איינער צום אנדערן און איינער קוקט דעם אנדערן אויף די פינגער. מיר זיינען פארפאָרן אין האָטעל ״רעגינא״ אויף דער הויפּט-גאס ״רו דע מאָאונט בלאא״ פון וואנען מען זעט די בערג, וועלכע הויכן ארויס פון דער פראנצויזישער טעריטאָריע. די שטאָט גענף אדער זשענעווע, ווי מיר זיינען געוווינט איר צו רופן, ליגט דריי מיט א האלבן קילאָמעטער פון דער פראנצויזישער גרענעץ, וואָס ווערט באוואכט פון...צוויי זשאנדארמען. קיין צאָל-אמט איז דאָ אויך נישט פאראן. ווען מיר זיינען געפאָרן אויף אן עקסקורסיע צו דעם שיינעם בארג און זיינען ארויפגעפאָרן אויף זיין שפּיץ מיט דער ״קייבל-קאר״ האָט די וואך אפילו נישט געפרעגט אויף קיין אינדענטיפיקאציע-צייגענישן און האָט אונדז גלייך דורכגעלאָזן אויף דער פראנצויזישער זייט. פון שפּיץ בארג ״אאו סאלעוו״ אנטפּלעקט זיך פאר אייך א ווונדערלעכע פּאנאָראמע: פון דערווייטנס וואקסן אויס, ווי טונקעלע סילועטן, די אלפּן-בערג און אונטן ליגט אויסגעשפּרייט די שיינע אָזיערע מיט דער שטאָט זשענעווע פון ביידע זייטן. דער פאלאץ פון פרידן הויכט ארויס פון גרינעם פּארק און שטייט ווי א שטומער עדות פון די פיל הויכע ווערטער, וואָס זיינע ווענט האָבן אויסגעהערט.

פון דער צווייטער זייט בארג ״אאו סאלעוו״ זעט מען פון גאָר ווייט א טונקעלן שפּיץ באדעקט פון אויבן מיט ווייס. דאָס איז דער

הויכער בארג "יונג־פרוי", וואָס איז א גאנץ יאָר באדעקט מיט שניי און לאָזט ניט אראָפּ אויף קיין מינוט די קאלטע קאָמפּרעסן פון זיין שפּיץ קאָפּ.

אויף דער עקסקורסיע האָבן מיר באגעגנט צוויי יונגע סטודענטן פון אינדיע, אָנגעטאָן אין טורבאנען אויף זייערע קעפּ. מיט זיי איז אויך געווען אן אינדיש פּאָרל, וואָס וווינט אין נאיראָבי. זיי האָבן מיר געגעבן זייערע אדרעסן און איך האָב זיי פארשריבן, ווער ווייסט: אפשר וועלן זיי אמאָל צונויף קומען?

פאר די עטלעכע טעג, וואָס מיר האָבן פארבראכט אין זשענעווע, האָבן מיר זיך גוט אויסגערוט. דער וועטער איזווארעם און טרוקן און א שיף־עקסקורסיע איבערן דרייסיק־מייליקן "לייק" איז אויך אן אָפּרו. מיר שטעלן זיך אפּ אין חנעוודיק שטעטעלע נאיאָן, ווו מיר באזוכן א באוווסטע "שאטאָ" פון די אמאָליקע שררות, געבויט אויף א בארג־שפּיץ.

איך ווייס ניט, וואס מיין דאָקטאָר וואָלט געזאָגט ווען ער ווייסט, אז אויף אונדזער וועלט־רייזע וועלן מיר אויסקלעטערן טויזנטער טרעפּ; די ערשטע טרעפּ צום קלעטערן זיינען געווען טאקע אין נאיאָן צום היסטאָרישן "שאטאָ". זיי פארמאָגן א מיסטעריעזן צויבער אָט די אלטע האָלב־פּאלאץ, האלב־פעסטונג געביידעס. די שווערע טירן דערציילן וועגן ווילדע אָרגיעס און מענטשנבאטרונג, וואָס זיינען פּאָרגעקומען הונטער זיי. די דיקע ווענט האָבן ניט דערלאָזן אז די אויסערע וועלט זאָל דערהערן דעם געוויין פון די באעולהטע. איצט, אלס מאָנומענטן פון דער שווערער פארגאנגענהייט, פארמאָגן דידאָזיקע שאטאָס זייער שיינקייט.

איין טאָג האָבן מיר זיך גענומען אויף "שאפּפּינג", ווייל איר קאָנט דאָך נישט זיין אין זשענעווע און ניט קויפן כאָטש א זייגערל. זשענעווע איז א שטאָט, ווו יעדער איינער וויל אייך פארזאָרגן מיט דער ריכטיקער צייט. אין יעדער צווייטער טיר פארקויפט מען דאָרט זייגערלעך פון די פארשידנסטע מארקעס. איר דארפט נאָר וויסן, ווו מען קאָן באקומען א בעסערן "דיסקאאונט"? האָבן מיר איינגעהאנדלט א זייגערל מיט א מעכאניזם צו קאָנטראָלירן סעקונדן און באקומען דערביי א נישקשהדיקן "דיסקאאונט". מיין פרוי ווידער האָט אויסגעפונען עפּעס א געשעפט, וואָס פארקויפט זייערע שיינע שטריק־ארבעט. עס איז אפילו א חרפּה צו דערציילן עמיצן, אז מיר קויפן גאָר "ניטעד גודס" אין זשענעווע, ווען אונדזער פירמע רעכנט זיך פאר דער בעסטער אין קאנאדע אין דער "ניטינג ליין". אבער, אז פרעמדע אויסארבעטונגען געפעלן איר בעסער איז דאָך ניט שייך...

אין זשענעווע וווינען צוויי ברידער — מיינע חדר־חברים פון אונדזער שטעטל אין ווייס־רוסלאַנד. דער ייִנגערער ברודער אבֿראַם איז געגאַנגען אין חדר אין מיין כּיתּה און יאָסיף, דער עלטערער — אין א העכערער. אין די ווינטער־שבתים פלעגן מיר ייִנגלעך שפּילן אין מלחמות איינע קעגן די אַנדערע. דער שפּיל־פּלאַץ איז געווען אויפן דיקן אייז פון טייך, וואָס לויפט ביים זייט פון שטעטל. אין די דאָזיקע מלחמות פלעגט דער אָנגריף מייַנסטנס געמאַכט ווערן קעגן די צוויי ברידער און נאָך א פּאָר ייִנגלעך, וועלכע פלעגן זיי אַרויסהעלפן. די ביידע ברידערלעך האָבן שטענדיק אַרויסגעוויזן גרויס העלדישקייט אין זייער פאַרטיידיקונג און די איבעריקע ייִנגלעך האָבן זיי ניט ליב געהאַט פאַר זייער סופּעריאָריטעט געפיל וועלכן זיי פלעגן צופיל דעמאָנסטרירן. די ייִנגלעך האָבן קיין טעות ניט געמאַכט: די צוויי ברידער האָבן אין עלטער פון צוועלף און פערצן יאָר איבערגעלאָזט דאָס שטעטל און זיינען אַוועקגעפאָרן אין דער גרויסער שטאָט יעקאַטערינאָסלאַוו — לערנען און אַרבעטן. איך בין געווען דער דריטער אין שטעטל, וואָס איז אַוועקגעפאָרן אין אַן אַנדער גרויסער שטאָט — ביאַליסטאָק — צו טאָן דאָס זעלבע. יאָסיפן האָב איך ניט געזען זינט יענע יונגע יאָרן. איך פלעג נאָר אַמאָל, פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה, הערן וועגן זיינע גרויסע וואַלד־געשעפטן וועלכע ער פירט און אַז ער וווינט אין וואַרשע. מיט אבֿראַמען האָב איך זיך געטראָפן אין די צוואַנציקער יאָרן, ווען איך האָב באַזוכט מיין שטעטל און מיר האָבן צוזאַמען געמאַכט א רייזע מיט פערד און וואָגן קיין פּינסק.

אַזאַ נסיעה פלעגט דויערן א פּאָר טעג און אויף ביינאַכט האָבן מיר זיך אָפּגעשטעלט אויף נאַכט־לעגער ביי א ייִדישער פאַמיליע אין א דאָרף. ביי דער פאַמיליע זיינען געווען צוויי שיינע מיידלעך, שׂרה די עלטערע און חנה — ייִנגער מיט צוויי יאָר. איך האָב די צוויי מיידלעך געקענט פון אונדזער שטעטל, ווו זיי פלעגן אַמאָל קומען. געווען איז דאָס אָנהויב זומער־צייט. נאָכן אוונט־ברויט זיינען מיר אַרויס שפּאַצירן אויפן שליאַך און נאָכן שפּאַציר איז מען געזעסן אין שמעקעדיקן "סאָד" און פאַרטייטשט קאַפּיטלען פון שיר השירים. דעם טייטש פון צווייטן פּסוק "ישקני מנשיקות פּיהו..." האָב איך דעמלט באַנומען גאָרניט קיין ערך מער ווי דער רבי האָט דאָס אונדז פּרובירט פאַרטייטשן. האָט זיך מיין חבר אבֿרהמלען געדוכט, אַז חנה קאָן בעסער פאַרטייטשן דעם פּסוק ווי שׂרה און ער האָט בשתיקה געריסן פון מיר שטיקער איך זאָל אים נאָר צולאָזן צו חנה בת־טובֿים. מאַלט אייך, אַז איך האָב אים געהערט ווי דעם קאַטער, איך וועל דאָך ניט איבערלאָזן אין מיטן קאַפּיטל ד" מיט אַזאַ גוטן טייטש...

דערציילט האב איך דאס אלץ כדי ארויסצוברענגען די אגרעסיווקייט פון די צוויי ברידער שוין פון דער פריסטער יוגנט ביז היינט. זיינען זיי היינט ביידע אין שווייצאריע און וווינען אין זשענעווע. יאסיף איז דא א שטענדיקער איינוווינער און אבראם איז נאר א האלבער, ווייל ער האט אויך א היים אין ישראל ווו עס וווינען זיינע צוויי אומפארהייראטע קינדער: א טאכטער און א זון.

מיט א יאר צוריק, ווען מיר האבן באזוכט זשענעווע האבן מיר זיך געטראפן מיט ביידע ברידער באזונדער/זיי רעדן ניט איינער מיטן אנדערן/ און דארט האבן מיר אויפגעמישט די בלעטלעך פון אונדזער יוגנט. יאסיף, וואס האט עד היום איינגעהיט זיין פריצישן שטעל, האט זיך ניט ווילנדיק צעשמאלצן פון די שטיפערישע זכרונות. ער האט אפשר צום ערשטן מאל ווידער איבערגעלעבט זיין קליינשטעטלדיקע יוגנט און האט שטארק הנאה געהאט, ווען זיין פרוי האט אויסגעפונען, אז ער האט אמאל געקאנט שטיפן אויך. מיט אבראמען האבן מיר פארבראכט יעדן טאג פון אונדזער אויפהאלט אין זשענעווע. איך האב פרובירט שלום מאכן צווישן די ברידער, אבער אויך דא איז פארמישט דאס געפיל פון קנאה, ווייל אבראם איז מער אונטערנעמעריש און פירט אן מיט גרויסע געשעפטן אין דער שוויץ און ישראל.

דאָס מאָל האָב איך אבראמען אין זשענעווע נישט געטראָפן, ווייל ער איז געווען אין ישראל, ווו ער שטעלט אויף א ריזיקע שפּינערײַ. האָבן מיר געהאט אונדזערע לאנגע שמועסן ווען איך בין געווען אין ישראל. דאָ אין זשענעווע האָב איך זיך געטראָפן מיט יאָסיפן און ער איז פארבליבן דער זעלבער פּוילישער "כראביע" וואָס — "פּיענענדזי ניע מאם אליע האָנאָר מאם".

מיר זיינען געגאנגען זען א פילם פון אייראָפּעישער פּראָדוקציע, וואָס ווייזט פאר איין דאָלאר מיט פערציק סענט אלע פארוויילונגס-פּלעצער פון אייראָפּעס גרויסע שטעט. נאָך דער "שאָא" האָב איך געמאכט א חשבון, אז ווען מיר זעען אָט די אלע "שאָאוס" אויף זייערע פּלעצער וואָלט דאָס מיר געדארפט קאָסטן זיבן הונדערט און צוויי און דרייסיק דאָלאר, חוץ טרינק־געלט.

פארן אָפּפאָרן פון זשענעווע האָב איך זיך נאָך געוואָלט טרעפן מיט גראדעס א פריינט; א סוחר און אינטעלעקטועלער, איז ער אבער ארויסגעפארן אויף וואקאציע און זיין דייטשמערישער שוואָגער האָט מיר ניט אימפּאנירט.

זיך אָפּגערוט פיר טעג אין דער שווייץ פליען מיר אָפּ מיט "אל-איטאליא" קיין ווענעציע. אויפן וועג שטעלן מיר זיך אָפּ אויף איין

שעה אין ציריך און אין מילאן טוישן מיר דעם עראָפּלאַן אויף א צוויי־מאָטאָרדיקן "די־סי־3", וואָס קאָן לאַנדן אויפן לופט־פעלד אין לידאָ.

לידאָ איז א שמאָלער פּאס לאנד, וואָס איז אריינגעקלעמט צווישן אדריאַטישן ים פון איין זייט און דעם בּיי פון דער אנדערער זייט. דאָרט געפינען זיך עטלעכע גרעסערע האָטעלן, און די תשליך־קאסינאָ, ווו מענטשן לײדיקן אויס זייערע קעשענעס, געפינט זיך אויך דאָרט. אין זומער־סעזאָן שווימלט דאָ מיט די גרויסע האָליוווּדער שטערן, וועלכע קומען אהער צום פילם־קארנאוואל.

אין לידאָ קאָנען קיין גרויסע עראָפּלאַנען ניט לאנדן און די קליינע לאָזן זיך אראָפּ אזוי ווי אויף אן עראָפּלאַן־טרעגער, ווייל דער לאנד־פּאס איז דאָ שמאָל. מיר קומען אָן אין לידאָ אין א שבת־טאָג, אכט אזייגער אין אוונט, און פון דאנען פאָרן מיר מיט א מאָטאָר־שיפל צו אונדזער האָטעל "דאניעלי" אין ווענעציע.

די ס"ט מארקא פּלאזא, וואָס איז דער זאמל־פּונקט פון אלע נייגעריקע, וועלכע קומען אָנקוקן ווענעציע, איז נאָך געפּאקט פון טויזנטער מענטשן, וואָס שפּאצירן געמיטלעך הין און צוריק. די אָרקעסטערס פאר די קאפע־הייזער שפּילן די זיסע מעלאָדיעס פון זייער פאָטערלאנד און עס האָבּן פון דעם הנאה ניט נאָר די געסט וועלכע זיצן בּיי די טישלעך און טרינקען וויין נאָר אויך די אלע, וואָס שפּאצירן ארום און גיבּן גאָרניט צולייזן.

אין דעם גרויסן לאבּירינט פון שמאָלע געסלעך, ווו עס געפינען זיך הונדערטער געשעפטן מיט די בּעסטע איטאליענישע אויסארבּעטונגען, זיינען די טירן שוין געשלאָסן. הונדערטער מענער און פרויען קוקן מיט נייגער אין די שוי־פענצטער, ווו די טייערע חפצים זיינען אויסגעשטעלט און באשליסן שוין אין געדאנק אויף וואָס זיי זאָלן אויסגעבּן די ערלעכע רובּל — צו קאָנען ווייזן זייערע פריינט וואָס פאָרא מציאות זיי האָבּן דאָ איינגעהאנדלט און אז עס שטאמט פון סאמע ווענעציע. מיר זיינען שוין אין ווענעציע געווען מיט א יאָר צוריק און מיר האָבּן דאן זיך בּאמיט צו זען אזויפיל וויפל עס איז נאָר מעגלעך צו זען אין א וואָך צייט. האָט אונדז אָבּער געצויגן נאָכאמאָל צו זען די וונדער־שטאָט און נאָכאמאָל דערפילן דעם אָטעם פון ווייטן מיטלאלטער.

ווענעציע איז א לעגענדארע שטאָט, וואָס איז דורך דורות געבּויט געוואָרן אויף הונדערט און אכצן אינדזלען, וועלכע זיינען צעטיילט געווען איינער פון צווייטן דורך הונדערט זעבּציק קאנאלן. אויף צונויפבּינדן אָט די אלע אינדזלען און מאכן פון זיי איין שטאָט האָט מען בּאדארפט אריבּערוואַרפן בּריקן איבּער די אלע שמאָלע און

ברייטערע קאנאלן. קאָן מען טאקע אָנציילן איבער דער לענג און ברייט פון ווענעציע פיר הונדערט קלענערע און גרעסערע בריקן איבער וועלכע די פוסגייער גייען פון איין געסל צו דער צווייטער. ווענעציע איז א שטאָט פון פוס־גייער און דעריבער זעט מען דאָ מער מענטשן אויף די גאסן ווי אין א וועלכער עס איז אנדער שטאָט. די ״באָסעס״ וואָס קורסירן אין שטאָט און וועלכע פארבינדן אויך מיט לידאָ, זיינען די מאָטאָר־שיפן, וואָס יעדע נעמט אריין אריבער הונדערט פערזאָן. אויב איר ווילט א טעקסי כדי צו קומען ערגעץ, וועט אייך די ״גאָנדאָלא״ צופירן צו יעדן אָרט ווו איר דארפט דורך די וואסער־גאסן, וועלכע שלענגלען זיך דורך דער גאנצער שטאָט.

די יידישע באפעלקערונג אין ווענעציע ציילט א פּאָר טויזנט נפשות און איר אָנזען אין שטאָט איז ניט באדייטנד. וויל מען עפּעס זען פון יידישן לעבן דארף מען זיך אראָפּלאָזן צום צווייטן זייט שטאָט, ווו עס איז אין פופצנטן י״ה געשאפן געוואָרן די געטאָ פאר יידן.

מיר האָבן באזוכט די געטאָ צוזאמען מיט די מייזערס פון ניו־יאָרק. די מייזער־פאמיליע, וועלכע קאָנטראָלירט די ״האָדסאָן פּייפּער מילס״ האָט אויך אויפגעבויט אין חדרה די ״אמעריקאן איזראעלי פּייפּער מילס״. זיינען מיר צוזאמען ארומגעגאנגען אָנקוקן די צעריסענע בלעטלעך פון אונדזער מארטירערטום־געשיכטע אין דער געטאָ פון ווענעדיק.

אין די צייטן פון געטאָ האָט ווענעדיק געהאט א זייער שיין און רייך יידיש לעבן: דאָ האָט אליהו בחור, אפשר דער ערשטער ביי יידן, אנגעהויבן שרייבן אין יידיש, ווען יידיש איז נאָך קיין ליטעראַרישע שפּראך ניט געווען;

דאָ זיינען געווען די בארימטע דרוקערייען פון באָמבערג, ווו מען האָט געדרוקט העברעישע ספרים; פון דאנען האָט דער ״אוהב ישראל״ שעקספּיר גענומען מאטעריאל פאר זיין דראמע ״דער סוחר פון ווענעדיק״, וואס האָט פאראורזאכט א סך צובראָכענע שארבנס אין אונדזער געשיכטע.

איצט איז פון דעם אלעמען געבליבן א פּאָר שולן און א שטיקל תלמוד־תורה, וואָס איז די יידישע פעסטונג אין דער קאטוילישער שטאָט. דער חזן, וואָס איז אויך דער לערער אין תלמוד־תורה איז א ספרדי און רעדט נאָר א ספרדישן עברית. פון געטאָ, פון אונדזער יידישער שאפונג לאָזן מיר זיך אוועק זען, וואָס אנדערע פעלקער האָבן געשאפן אין זייער פרייער געשיכטע.

א פאָלק, וואָס זיצט אויף זיין אייגן ערד אין משך פון לאנגע יאָרהונדערטער לייגט אריין די געשאפענע קונסט פון יעדן דור אין

זיינע דענקמעלער און מאָזאאיק, אין זיינע טעמפּלען און מוזעאומס. אין דער "מארבל־באסיליקא" פון הייליקן מארק האָבן די קינסטלער פון יענעם דור אריינגעוועבט זייער פאנטאזיע אין גאָלד און אין הערלעכער מאָזאאיק, וואָס די דעמלטיקע הערשער האָבן זיי צוגעשטעלט לרוב. די נעאָ־קלאסישע פאלאצן, וועלכע שטייען בייביידע זייטן פון "גראנד קאנאל" שוין הונדערטער יאָרן טראָגן נאָך עד היום די סימנים פון גרויסער ארכיטעקטאָראלער פארשווענדערישקייט אין ביזאנטישע און גאָטישע סטילן. אפילו די גאָנדאָלאס מיט די שפּיציקע נעזער האָבן אין זיך קונסט. די גאָנדאָלא איז א ריין ווענעציאנישע אינסטיטוציע און אויף איר שויס איז דאָס געשאפן געוואָרן די ראָמאנטישע סערענאדע. קיין פלאץ אויף דער וועלט איז ניט אזוי פאסיק פאר א סערענאדע ווי די גאָנדאָלא. ווען ראָמעאָ זינגט זיין סערענאדע צו דזשוליעט וועקט ער אויף אלע שכנים ארום הויז.

שטערן שלאָפן ניט און די פיש אין וואסער דארפן זיך מערן. ווערן טאקע די באזוכער אין ווענעציע שטארק ראָמאנטיש, ווען די גרויסע אילומינירטע און באגילדעטע גאָנדאָלא לאָזט זיך ארויס יעדן אָוונט אויפן גראנד־קאנאל און הונדערטער קליינע גאָנדאָלאס מיט פאָרלעך פאָלגן איר נאָך און א גוטער זינגער אדער זינגערין גיסט אויס איר הארץ אין א זיסן ראָמאנס. דעמלט טוליען זיך אפילו עלטערע מענטשן צו זייערע אָדער ניט זייערע פרויען און שעפּטשען "זכרתי לך חסד נעוריך".

ווענעציע איז באוווסט אויף דער וועלט מיט אירע "וועניעשן גלאז"־אויסארבעטונגען. פאָרן מיר אויף אן עקסקורסיע זען ווי מען בלאָזט אויס פון א צעשמאָלצענער מאסע דינינקע איידעלע כלים און גלעזלעך, וואָס זיינען גוט פאר דעם שענסטן טיש און פאר כוסות צו אונדזערע סדרים. די ווענעציער זיינען שטאָלץ מיט זייער פיינע גלאָז־אויסארבעטונגען און נאָך מער מיט זייערע קונסט־באפוצונגען, וואָס באדעקן די דאָזיקע אויסארבעטונגען. זיי זיינען אויך שטאָלץ מיט זייערע געמוסטערע זייד־אויסארבעטונגען און מיט די אויסהעפטונגען אויף טיכלעך און פרויען־בייטלען, וועלכע ווערן געמאכט מיט דער האנט. די דאָזיקע שיינע זאכן מאכן די ווענעציער ניט נאָר פאר זיך. זיי ווילן, אז יעדער באזוכער זאָל עפּעס פון זייערע אויסארבעטונגען מיטנעמען מיט זיך און זאָל ער אויך הנאה האָבן. האלטן זיי אָפן זייערע געשעפטן ביז שפּעט אין דער נאכט, טאָמער פאָרט עמיצער אָפּ אין די שפּעטע שעהען זאָל ער נאָך אלץ קאָנען אריינכאפּן עטלעכע שיינע זאכן פון ווענעציעס פראָדוקציע.

בעת אונדזערע שפאַצירן איבער ווענעציע פֿאָרן מיר פֿארביי א היסטאָרישן בית־עולם, וואָס געפֿינט זיך אויף אן אָפּגעזונדערט אינדזל.

שטייט ער דאָרט דער בית־עולם ארומגערינגלט מיט א דיקער וואנט ארום און דערציילט וועגן זיינע איינוווינער — בישאָפֿן און קארדינאלן — וועלכע האָבן אין משך פֿון יאָרהונדערטער געבאַלעבאַטעוועט אין דער שטאָט. אלץ איז דאָ אזוי ווי מען האָט דאָס אוועקגעשטעלט מיט יאָרן צוריק. קיינער איז אהער ניט געקומען שענדן, אומוואַרפֿן אָדער צעטראָגן זיינע מצבות.

ווי אנדערש איז עס ביי אונדז: דורות־לאנג האָט מען ניט געלאָזט צורו די לעבעדיקע און אויך די טויטע האָט מען קיין רו ניט געגעבן.

מיר קלייבן זיך פֿארלאָזן ווענעדיק און קוקן נאָך צום לעצטן מאָל אראָפּ פֿון דער אָפּענער האָטעל־וועראַנדע אויף די טויזנטער ליכט, וואָס שיינען פֿון לידאָ אויף יענעם זייט ביי. צענדליקער מאָטאָר־שיפֿן, שטארק באלויכטן, קורסירן הין און צוריק איבער די וואסערן און די גאָנדאָלאַס שווימען לאנגזאם איבער די קאנאלן און באהאלטן אין זייער טונקעלן אינעווייניק פֿארליבטע פּאָרלעך אָדער איינזאמע מענטשן. צו באקומען פֿלעצער אויף דער ליניע ווענעדיק־רוים איז אויך ניט לייכט און איין פֿרימאָרגן באשליסן מיר איינשטעלן און פֿאָרן צום לופֿט־פֿעלד אויף דער ווארט־ליסטע.

וואָס מיינט איר איז געשען? נאָך א פּאָר־פּאָלק האָט זיך יענם פֿרימאָרגן צעקריגט און איז ניט געקומען צום פֿלי־פֿעלד. אין דער לעצטער מינוט באקומען מיר זייערע פֿלעצער און פֿליען אָפּ קיין רוים, וווהין עס פֿירן אלע וועגן.



# ישראל

אמאָליקע יאָרן איז ניט געווען קיין נייעס, אז יידישע עלטערן פלעגן שליסן א שידוך פאר זייערע קינדער ווען זיי זיינען נאָך געווען זייער קליין און אמאָל אויך איידער זיי זיינען נאָך געבוירן געוואָרן. די מחותנים האָבן אויך געמעגט וווינען אין באזונדערע שטעטלעך און דער שידוך איז שוין געווען א באשטימטער.

ווען דאָס יינגל אָדער בחור האָט זיך דערוווסט פון זיינע עלטערנס תקיעת כף פלעגט ער דורך די נעכט חלומען וועגן זיין באשערטער און זיך מאכן פאַרשידענע פאָרשטעלונגען וועגן איר. און איצט זיין הארץ־קלאפעניש ווען ער פלעגט צום ערשטן מאָל פאָרן אָנקוקן זיין כלה, זיין נייגעריקייט צו זען מיט די אייגענע אויגן דאָס געשטאלט פון זיין אויסגעבענקטער פאנטאזיע.

אזא מין געפיל פון נייגיר און הארץ־קלאפעניש האָבן מיר איבערגעלעבט מיט אכט יאָר צוריק, ווען מיר האָבן אין גרויס דערוואַרטונג זיך דערנענטערט צו די ברעגן פון ישראל. יאָרן לאנג האָט מען אין אונדזערע אלטע און נייע ליטעראטורן געצונדן אונדזער פאנטאזיע צום באשערטן לאנד, וואָס דער גאָט פון אברהם האָט נאָך־א סך פאר באלפורן געזאָגט — לך אתננה.

נאָר איין מאָל קאָן מען איבערלעבן דאָס געפיל פון דערזען דיין אויסגעבענקטע פאנטאזיע. אלע ווייטערדיקע באגעגענישן איז שוין נאָר מיושבדיקע ליבע, וואָס פירט צו צוגעבונדקייט און איבערגעגעבנקייט. עס וועט שוין אָבער מער ניט פארמאָגן יענעם געפיל פון צאפל און ברענענדיקער דערוואַרטונג. זיינען מיר טאקע צוגעבונדן געוואָרן צו דער שיינענדיקער מדינת ישראל און מיר האָבן איר ליב ווען מיר זיינען דאָרטן און בענקען נאָך איר ווען מיר זיינען דאָ.

זינט אונדזער ערשטן באזוך זיינען מיר דאָרט געווען נאָך פיר מאָל. יעדעס מאָל אין חודש תשרי, ווען עס פאלן אויס די ימים־טובים.

מיט א יאָר צוריק האָבן מיר פאַרבראַכט די ימים־טובים אין תל־אביב, האָבן מיר דאָסמאָל באַשלאָסן, אַז אַזוי ווי מיר זאָגן שוין אַזוי פיל יאָר ״לשנה הבאה בירושלים״ זאָל דאָס זיין היינטיקס יאָר, ווען די דאָזיקע תפילה וועט מקוים ווערן.

איך האָב אָנגעהויבן קלינגען אין ״מלך דויד״־האָטעל און ״מלון הנשיא״ וועגן א צימער פאַר אונדז, אָבער דאָרט איז שוין קיין פּלאַץ ניט געווען. בין איך דאָך עפּעס א דירעקטאָר פון דער ״איזראַעלי פּאָבלישינג קאָ״ אין ירושלים, פון וועלכער אורי מאזאר, דער זון פון פּראָפעסאָר ב. מאזאר און זיין שותף שלמה גפני זיינען די אָנפירער. האָב איך נאָר באַדאַרפט זאָגן, אַז מיר ווילן פאַרברענגען די טעג פון ראש־השנה אין ירושלים און מיר קאָנען ניט באַקומען קיין צימער. א שעה שפּעטער איז שוין געווען א טעלעפאָנישער ענטפער, אַז עס וואַרט אויף אונדז א צימער אין קינג דייוויד האָטעל און דווקא פון די בעסערע צימערן, וועלכע זיי האַלטן פאַר ווי״פּ.

פרייטיק מיטאָג־צייט, ערב ראש השנה, זיינען מיר אָנגעקומען קיין ירושלים, ווו אורי מאזאר האָט אונדז אָפּגעוואַרט.

איצט האָט זיך געשטעלט די פראַגע, אין וועלכער שול זאָלן מיר זיך אויסבעטן א גוט יאָר? מיט פופצן מינוט שפּעטער האָבן מיר שוין געוווּסט, אַז עס זיינען פאַר אונדז רעזערווירט צוויי פּלעצער אין דער רחביה־שול, ווו דער פּרעזידענט בן צבי דאַוונט.

זעקס אזייגער פאַרנאַכט האָט אונדז אורי מאזאר צוגעפירט צו דער שול. דער פּרעזידענט איז שוין געזעסן אויף זיין אָרט ביי דער מזרח וואַנט, מיטן פּנים צו דער עדה, וואָס האָט פאַרפולט די שול. דער שמש האָט אונדז צוגעפירט אין דער ערשטער ריי ביי דער מזרח וואַנט און האָט אונדז אָנגעוויזן אויף צוויי פּלעצער קעגנאיבער די פּלעצער פון פּרעזידענט און זלמן רובאשאָוו (שז״ר). צוליב דעם גאַסט האָט אורי מאזאר, נעבעך, אויך געמוזט ווערן א דאַוונער און דער פּרעזידענט, וואָס איז אוריס אָנקל — זיין מוטערס ברודער — האָט זיכער הנאה געהאַט פון זען אורין דאַוונען.

עס איז נאָך געווען א צען מינוט פאַר קבלת שבת און איך בין פאָרגעשטעלט געוואָרן פאַר דעם נשיא, שז״רן און נאָך עטלעכע בכבודיקע ירושלימער, וואָס האָבן פאַרנומען דעם אויבנאָן. נאָכן ערשטן שמועס האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דער פּרעזידענט קען מיר שוין פון אוריס אַנרעדן אויף מיר וואָס אין דער קאָרט.

דער חזן — א ירושלימער סאַברע — אין די שפּעטע דרייסיקער, מיט א שוואַרצער באָרד און א זעקס פוסיקן קערפּער פול מיט גבורה, האָט מיט גאַנץ פיינער מתיקות און ערנסט מקבל שבת

געווען. פארן אָנהויבן מעריב האָט ער זיך צוגעזעצט לעבן מיר און מיר האָבן געבאַפּט א שמועס וועגן חזנות. ווען איך האָב אים באמערקט, אז זיין זאָגן איז פון קווארטין-שטייגער האָט ער ווייזט אויס ביי זיך אָפּגעמאכט, אז ער האָט דאָ צו טאָן מיט א גרויסן ווייסער אין מוזיק. האָט ער מיר אויף שנעל דערציילט, אז ער שטודירט מוזיק און ספּעציעל שטימע-בילדונג און זאָל איך אים זאָגן, וואָס א שטייגער דענק איך וועגן זיין שטימע? האָב איך אויסגענוצט זיין צוטרוי און מיינע מוזיק-קענטענישן און האָב אים אָנגעוויזן, אז זיינע ביידע לאגעס אין די אונטערשטע און הויכע טענער זיינען גאנץ שיין אנטוויקלט, עס פעלט אים אָבער מער מעטאל אין דער מיטל-לאגע. מער האָב איך ניט געדאַרפט. איצט ווייס ער שוין מיט וועמען ער האָט צו טאָן — א מוזיק-קענער.

דער חזן האָט געדאַוונט צו מיר און א ביסל צום עולם.

דאָס דאַוונען איז געווען אין היימישן שטייגער, אפילו מיט התלהבות, ספּעציעל ווען איר ווייסט, אז אונדזער אייגענער נשיא גיט זיך אויך ניט ווילנדיק א שאָקל ביים דאַוונען.

די רחביה-שול איז ניט פון די גרעסטע אין ירושלים, עס זיינען דאָ פאראַן א סך גרעסערע שולן. די גרויסע ישורון-שול און די נייע שול אין היכל שלמה זיינען פון א ברייטערן פארנעם, מיט א סך הונדערטער זיץ-פּלעצער. די רחביה-שול איז אָבער א מער אינטימע און דאָרטן דאַוונען א סך יחוסדיקע משפּחות פון ירושלים. דער פאָטער פון נשיא איז געווען פון אירע גרינדער און דער נשיא אליין זיצט אויפן פּלאַץ, וווּ עס איז אמאָל געזעסן מנחם אוסשקין ע״ה. דער צווייטער פּלאַץ פון נשיא, וווּ עס זיצט היינט שז״ר, טראָגט נאָך אויך איצט א בראָנזענעם טאָוול מיטן נאָמען פון שאָקען ע״ה. עס פילט זיך דאָ דער גייסט פון בערלינער און אָדעסער יחוס, וואָס האָט געזוכט א ווינקל ווו מען זאָל זיך קאָנען מתיחד זיין מיטן גאָט פון זייער אור-זיידן פון ״הר-המוריה״ און אים בעטן ער זאָל געבן דער וועלט אן אנדער קרבן אָנשטאָט דאָס יידישע פאָלק.

אָפּגעדאַוונט דעם ימים נוראימדיקן מעריב אויפן אמתן היימישן שטייגער מיט דעם סקארבאָוון לדויד מזמור א צוגאָב האָב מיר זיך געווונטשן איינער דעם אנדערן ״לשנה טובה״ אזוי ווי אין אן אייגענער משפּחה. מיר האָבן צוזאמען מיט א גרויסע עדה יידן באגלייט דעם נשיא צו זיין הויז און זיינען אנגעקומען אין האָטעל צו דער יומטובדיקער סעודה.

אין אונדזער האָטעל זיינען אויף יום-טוב געווען אכט מאָנטרעאלער פּאָרלעך. האָט מען פאר זיי געדעקט א באזונדערן טיש

און פאר אונדז א באזונדערן טיש, ביי וועלכן עס זיינען אויך געזעסן ס. לופאָוויטש, ס. פעזנער און סטערן. דער שטארק באלויכטענער עס־סאלאָן איז געווען פול מיט יידישע מענטשן פון א סך לענדער. מיר באגעגענען דאָ פּאָרלעך פון אירלאנד און ווענעזועלע, פון מעקסיקע און טשילי און ועל כולם פון די פארשידענע שטעט פון אמעריקע און קאנאדע. עס האָט געמאכט דעם איינדרוק, אז מענטשן, וואָס האָבן זיך שוין לאנג נישט געזען זיינען זיך איצט צונויפגעקומען אויף א משפחה־״רעיוניאָן״. א באזונדער געהויבנקייט איז געווען אין באוווסטזיין, אז מיר אלע בעטן א גוט יאָר צום זעלבן גאָט, דעם גאָט פון דויד און שלמה, וועלכע האָבן גרויס געמאכט דער שיינער שטאָט ירושלים.ביידע טעג ראש השנה האָבן מיר זיך פאראייניקט מיט דער גרויסער עדה יידן אין דער רחביה־שול און מיר האָבן געהאט גרויס הנאה פון דאוונען, וואָס איז געזאָגט געווען אין זייער מוטער־שפראך. עס איז ניט נויטיק געווען קיין ״ראבאי״, וואָס זאָל לייענען א תפילה אין ענגליש אדער פראנצויזיש, כדי די ״קאָמיוניטי״ זאָל עפּעס פארשטיין פון ״מאי דקאמרי רביצין״.

בעתן לייענען האָב איך אָנגערעגט א שמועס מיט שז״רן, צו וועלכן דער נשיא האָט זיך צוגעהערט. וויסנדיק, אז איך בין פארבונדן מיט די יידישע פאָלקס־שולן און מיט דער ביבליאָטעק אין מאָנטרעאל, האָט ער געדענקט מיר צו פרעגן אויף שלמה ווייסמאן און דויד ראָם, וועלכע פירן אָן מיט די אינסטיטוציעס.

דער קולמינאציע־פּונקט פון א רעליגיעזער איבערלעבונג איז געווען ווען דער חזן האָט אָנגעהויבן זאָגן דעם מוספדיקן ״עלינו לשבח״ און זיך גרייטן צום כורעים. מיר האָבן זיך אָפּגערוקט פון אונדזערע פלעצער, כדי צו מאכן אָרט פאר אונדזער פּרעזידענט, וואָס איז צוזאמען מיטן חזן געפאלן כורעים פאר זיין ״צור ישראל וגואלו״. אין יענעם מאָמענט איז ווי אן עלעקטרישער שטראָם דורכגעפלאָסן דורך דער בית־מדרש־לופט און האָט געמאכט הערצער שטארק וויברירן. מען האָט מיך מכבד געווען מיט אן עליה, פאר וועלכער איך בין דער שול ניט געבליבן שולדיק און ארום איינס דרייסיק האָבן מיר ווידער באגלייט דעם נשיא צו זיין היים.

דעם ערשטן טאָג ראש השנה זיינען מיר אויף נאָכמיטאָג איינגעלאדן געוואָרן צו פּראָפעסאָר ב. מאזאר. פּראָפ. און מרת מאזאר האָבן אונדז זייער פריינדלעך אויפגענומען און אונדז פאָרגעשטעלט פאר פּראָפ. און מרת קלוגאי, וועלכע איז די עלטערע שוועסטער פון מרת מאזאר און איז אויך די שוועסטער פון פּרעזידענט. מיר האָבן זיך אויך באקאנט מיט מר און מרת רשף — דעם סעקרעטאר פון ירושלימער אוניווערסיטעט, מיט מר. און מרת

אמירון — סעקרעטאר פון "הכינוס הארצי לידיעת הארץ". מיר האָבן אויך געשלאָסן קאַנטשאַפט מיט פּראָפ. און מרת מאלאמעט און מיט א יונגער קינסטלערין נורית שערף, וועלכע האָט זיך ניט לאנג צוריק אומגעקערט פון דער שווייץ. ווו זי האָט פיר יאָר שטודירט אויף דער קונסט־אקאדעמיע. נורית איז א שווארץ־חנוודיק מיידל, וואָס האָט געלאָזן דעם ווינט און דער זון — איר נאך טונקעלער מאכן. זי איז פון דער נאטור א באהעמע־מענטש און האָט אין אירע יינגערע יאָרן אויך געוואָלט פארזוכן דעם טעם פון זיין א רועה.

במשך פון די דריי שעה אונטערהאלטן זיך און אינטעלעקטועלע שמועסן האָט מרת מאזאר געשטעלט שיינעם כיבוד און פּראָפ. מאזאר האָט א סך דערציילט וועגן זיינע אויסגראָבונגען אין רמת אביב און וואָס זיי האָבן דאָרט געפונען. לויט זיינע אויסרעכענונגען איז אין דעם פּאַס לאנד געווען א גרויסע פלישתים־קולטור א סך פריער פון יציאת מצרים.

פארן געזעגענען זיך מיט אונדזערע נייע באקאנטע לאדט אונדז איין פּראָפ. מאזאר צום אָרט פון די אויסגראָבונגען אין רמת אביב, וועלכע האלטן דערווייל ביים פארענדיקט ווערן.

דעם צווייטן טאָג ראש השנה האָבן מיר געהאט אן אנגעלייגטן גאסט אין דער רחביה־שול.

דער גאסט, וואָס האָט באקומען אן אָרט ביי מיין רעכטער זייט איז געווען אונדזער נייער ייד, אברהם בן אברהם, דער יאפּאנישער פּראָפעסאָר פון שפּראכן קוצוזי. בן זאב, וואָס איז נעכטן געזעסן ביי מיין לינקער זייט און מיר האָבן זיך א ביסל מתוכח געווען וועגן ענין גרים ביי יידן, ווייל ער איז דער ווערבירער פון גרים פארן יידישן פאָלק, זיצט היינט פון דער רעכטער זייט פון ר׳ אברהם און העלפט אים ארויס אין עניני תפילות, ווו ער איז נאָך אויך א גר.

ר׳ אברהם טראָגט א טלית אויף זיין געל־הויטיקן גוף, וואָס איז מיט א חודש צוריק געיידישט געוואָרן לברית עולם, און דאוונט מיט גרויס כוונה אין ימים נוראימדיקן מחזור. איך פארשטיי לויט זיין מישן אין דער לאנגער שמונה־עשרה אז קיין רגיל אין מחזור איז ער נאָך ניט. דורך זיין שינטא־גלויבן איז ער גיכער א רגיל אין כורעים ווי אין דאוונען און ווען דער חזן האָט זיך דערנענטערט צום "ואנחנו" און דריי פיגורין זיינען געפאלן כורעים איז די דריטע פיגור געווען פון אונדזער יאפּאנישן פּראָפעסאָר.

געמישטע געפילן האָבן באהערשט דער עדה אין רחביה־שול, געפילן פון שטאָלץ מיט אונדזער מאָראלישער אמונה און געפילן פון "קשים גרים לישראל".

דער גאסט האָט געקראָגן א פיינע עליה און האָט געזאָגט די ברכות שיעור ניט ווי א ליטוואק. מפטיר האָט מען אים ניט געקאָנט געבן, ווייל ער איז איצט א חודש נאָכן ברית און צו בר מצוה איז ער נאָך ווייט.

זיצנדיק איינער נעבן דעם צווייטן און וויסנדיק, איז איך בין א גאסט פון קאנאדע האָט ער מיר איבערגעגעבן, אז ער קלייבט זיך אין גיכן צו פאָרן אין די פאראייניקטע שטאטן, ווו ער איז טאקע דערנאָך געוועזן און געהאט זייער א שיינעם קבלת־פנים.

ארום איינס דרייסיק האָבן מיר פארענדיקט דעם ערשטן טייל פון חשבון־הנפש און תפילה. גייענדיק צוריק פון שול האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אויף הונדערטער יידן, וועלכע האָבן געשטראָמט פון ישורון, היכל שלמה און אנדערע שולן, יידן פון דער גאנצער וועלט, וועלכע ירושלים האָט צוריק צונויפגעקליבן אונטער אירע פליגל. מען ווינטשט זיך איינע די אנדערע י יאָר פון שלום אויף דער וועלט און באזונדער פאר אונדזער פאָלק ישראל, וואָס דארף דעם שלום און וויל אים.

אין מאה שערים איז נאָך איצט אין מיטן מוסף און אין איין חסידים־שטיבל האלט מען נאָך ביים אָנהויב פון מוסף. די חסידים פון ר׳ אהרלע ראָטה — אלע אין שטריימלעך — זעען אויס א ביסל מיד פון צוויי טעג שפאלטן די הימלען מיט זייערע אויסגעשטרעקטע הענט און געשרייען. דער רבי ר׳ אהרלע, איבערגעדעקט מיטן גרויסן עטרהדיקן טלית, וועקט אויף א פרישע התלהבות ווען ער פארגייט זיך ביים ״לבוחן לבבות ביום דין״ אין א ווייטאָגדיקן געשריי. א פרישע אימה באפאלט דער צונויפגעדריקטער עדה וואָס צעשאָקלט זיך ווי א געדיכטער וואלד, וואָס איז באפאלן געוואָרן פון א שטורים־ווינט. די מארטירער־געזיכטער מיט די לאנגע באָרד און פיאות, האלב־באדעקטע מיט די טליתים, פירן אייך אוועק צוריק צו דער צייט פון די פרושים, וועלכע האָבן אויסגעחלומט אן אייגענע וועלט. גאנץ מאה שערים שרייט היינט אויס בקול רם אירע תפילות און תחנונים צום עורך דין. און די אלטע ווענט נעמען אריין זייערע געשרייען און שטומען. ווענט האָבן אויערן און ענטפערן דארף הקב״ה אליין.

אויף מוצאי ראשי השנה האָבן מיר צוויי איינלאדונגען. אורי מאזאר און זיין שותף שלמה גפני ווילן אונדז מהנה זיין מיט א מאָלצייט פון אראבישע מאכלים און אונדז ווייזן ירושלים אין א מוצא יום־טוב־אָוונט. נעמען מיר אָן זייער איינלאדונג מיטן באדינג, אז ניין דרייסיק וועלן זיי אונדז אוועקפירן צו לייבל ראָכמאן, וועמען מיר האָבן צוגעזאָגט באזוכן יענעם אָוונט.

אין רעסטאָראַן "אָריענטאַל" האָבן מיר זיך צוגעכאַפּט צו דער אַראַבישער "פּיטאַ", "חומוס" און קאַבאַב מיט רייז, וואָס האָט געשמעקט זייער גוט פון הייסן פּייער אַראָפּ, אָבער איז ניט געווען אַזוי שווה בשווה מיט מיין מאָגן.

ניין דרייסיק זיינען מיר אוועקגעפֿאָרן צו דער קאַטאַמאַן־געגנט, ווו עס וווינען די ראָבמאַנס. לייבל, מיט זיין האַרציקער און טאַקע אויך שיינער אַסתּרקע, האָבן אונדז באַגעגנט מיט אָפענע אָרעמס. דאָרט זיינען שוין געווען זיין שוואָגער, דער שרייבער שעדלעצקי און אַ יונגער העברעישער זשורנאַליסט.

אין משך פון די דריי שעה, וואָס מיר האָבן פאַרבראַכט אין זייער ציכטיקן ווינקל, זיינען מיר שטאַרק נאָענט געוואָרן מיט דער אידעאַלער פּאָרל, וואָס האָבן לאַנגע חדשים געפּירט אַ פּאַרמעסט מיטן טויט — אים געקוקט גלייך אין די אויגן אַריין, ווען ער האָט זיי געשראָקן מיט אַלע מינים גרוילן — און אים בייגעקומען. די אויסדויערנדיקע גבורה איז צו זיי געקומען ווען זיי האָבן אין זיך אַנטפּלעקט דעם גרויסן סוד פון ליבע:

ליבע צום גאַנצן באַשאַף און אַלע זיינע הערשאַפטן;

ליבע צום פויגל, וואָס שוועבט אין דער לופטן און צום שמעטערלינג, וואָס זיינע לעבנס־שעהען זיינען קורץ;

ליבע צו אַ זון־פאַרגאַנג און צו דער ערד, וואָס לעבצט נאָך אירע שטראַלן און די שותפותדיקע ליבע צווישן זיך אַליין.

עס איז ממש צו וואַרעמען זיך אין די הייסע געפילן, וואָס פליסן צווישן דער איידעלער פּאָרל.

שמועסנדיק וועגן פאַרשידענע ענינים האָט דער ענין ליטעראַטור פאַרנומען אַ פיינעם אויבן־אָן. צופעליק האָבן מיר געהאַט אַ רשימה פון אונדזער יידישער שרייבער־משפחה און מיר האָבן געזוכט נעמען, וואָס זיינען ראוי צו פאַרנעמען אין אונדזער ליטעראַטור די ערטער פון ז. שניאור, שלום אש א.א.

יענעם אָוונט האָבן מיר די ערטער ניט פאַרפילט.

ל. ראָבמאַן פאַרוואַלטעט מיטן יידישן פּראָגראַם אויף דער ישראל־ראַדיאָ אין ירושלים. ער האָט אונדז איינגעלאַדן צו זיין זיינע געסט אין דער סטודיאָ פון "קול ישראל לגולה" און געהאַט מיט אונדז אַ לענגערן אינטערוויו. זיי האָבן אונדז באַזונדערס געבעטן צו קומען קיין ירושלים צוזאַמען מיט די סוצקעווערס און צוזאַמען פאַרברענגען אַ טאָג. פון אונדזער שמועס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מיר זיינען ביידע חסידים פון סוצקעווערן דעם סודותדיקן פּאָעט און פון זיין געשליפענער דינקייט אין דער יידישער פּאָעזיע.

אזוי האבן זיך פארענדיקט די הייליקע טעג פון ראש השנה, אין תשובה און אין תפילה און אין נעמען אינוועטאר פון אונדזערע יידישענרט־שאפער און זייערע שאפונגען. ראכמאן האט מיר אויך געשאנקען זיין צייטיק־היסטארישן דאקומענט — אין דער פארם פון זיין בוך "אין דיין בלוט זאלסטו לעבן". מיר האבן זיך וואַרעם געזעגנט און באדאנקט פארן שיינעם "כבוד" און זיי צוגעזאגט, אז מיר וועלן קומען מיט די סוצקעווערס.

מאנטיק — דער טאג פון נאך ראש השנה איז פאר אונדז געווען דער סאמע וויכטיקסטער און אינטערעסאנטסטער פון אונדזער זיין אין ישראל. צען אזייגער אין דער פרי זיינען מיר שוין געווען אין דער סטודיא פון "קול־ישראל", וואו אונדזער אינטערוויו איז פארגעקומען. דארטן האב איך אויסגעפונען, אז אזעלכע אינטערוויוען ווערן פריער געמאכט אויף א טייפ און נאכדעם ווערן זיי געבראדקעסט אין לאנד און צו א מיליאן יידן, וואס ווייסן שוין ווען זיך צוהערן צו די בראדקעסט פון "קול־ישראל" לגולה.

דאס האבן מיר אויסגעפונען בסוד זייענדיק שוין דארטן. איך בין געווען צופרידן, צו טיילן מיט מיינע ווייטע צוהערער. אונדזערע איבערלעבונגען אין ירושלים. אין די הייליקע טעג און אונדזערע באגייסטערונג פון דער וואקסנדיקער מדינה און אירע מאטעריעלע און גייסטיקע אויפשטייגן.

אויף דער פראגע, ווי עס זעט אויס יידיש לעבן אין אונדזער קאנאדע? האב איך געהאט צו דערציילן אין א כמו א באריכט. וועגן דער גרויסער יידישער נאציאנאלער דערוואכונג, וואס האט געשלאגן טיפעווארצלען אויפן אמעריקאנעם קאנטינענט און באזונדערס אין אונדזער לאנד קאנאדע. איך האב אויך דערציילט וועגן דער גרויסער דערציערישער ארבעט פאר דעם יונגן דור און פון יידיש באוואוסטזיניקער קולטורעלער מונטערונג. אויך, אז אין אמעריקע איז מער קיין פלאץ ניטא פאר דער באוואוסטזיניקער אסימילאציע, וואס פלעגט פרעסן שטיקער פון יידישן קערפער. דער רוב מנין פון אמעריקאנעם יידנטום איז שטאלץ מיט זיין יידישן אפשטאם און איז באפרייט פון דעם קאמפלעקס פון זיך שעמען מיט יידישקייט. אויף די אלע פראגעס וואס זיינען מיר געשטעלט געווארן, האב איך געהאט צו דערציילן, נאר פון דער גוטער זייט. וועגן די שווערע פראבלעמען מיט וועלכע מיר ראנגלען זיך דא האב איך פארגעסן צו דערציילן. עס איז פשוט ניט געווען אזוי פיל צייט צו דערציילן, אז פון די טויזנטער גראדואירטע אין אונדזערע העברעאיש יידישע שולן און אפילו תלמוד־תורה׳ס איז אונדז ניט צוגעקומען קיין איין יידיש אדער העברעאישער לייענער. עס זיינען ניט צוגעקומען קיין קויפער פון א העברעאיש אדער יידיש בוך.

אונדזערע שרייבערס אין יידיש און העברעאיש, שרייבן נאך אלץ פאר איין דור און נאכדעם ווער ווייס צי וועלן אפילו זיין גוטע איבערזעצער?

אט די אלע פראבלעמען האב איך פארהאלטן פאר זיך און פאר נאך אזעלכע וואס פארשטעקן ניט דעם קאפ אין זייערע פעדערן צו ניט זען די רעאלע סיטואציע אונדזערע.

פאר עלף־דרייסיק, האט דער באנד־אפיס אראנזשירט א צוזאמענטרעף פון באנד־טוער, וואס זיינען געקומען קיין ירושלים פאר די ימים־נוראים מיט דעם מיניסטער פון קאמערץ און אינדוסטרי — פנחס ספיר. דער צוזאמענטרעף איז פארגעקומען אין דער מיניסטעריום געביידע וואו מיט אונדז זיינען געווען די גרובערס פון ניו־יארק; די קאדיסעס פון פילאדעלפיא; די ראזענבלאטס פון נאקסוויל, טענעסי; די שערס פון מיאמי און נאך עטלעכע פארלעך. דער מיניסטער ספיר, האט אפגעגעבן א היימישן באריכט, וועגן דער אנטוויקלונג פון גרויסע אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען, וואס זיינען צושטאנד געקומען דורך די באנד אינוועסטאציעס. ער האט דרך אגב באריכטעט, אז פון די 455 מיליאן פארקויפטע באנדס, זיינען שוין זיבעציק מיליאן איינגעקאסירט געווארן דורך פארשיידענע אופנים. א גרויסער טייל פון דער סומע זיינען צוריק אינוועסטירט געווארן אין לאנד אין פריוואטע און געזעלשאפטלעכע אונטערנעמונגען, וועלכע ברענגען אריין די אייגענטימער פון די באנדס גאנץ הויכע פראצענטער.

דער פינאנץ מיניסטעריום דערלויבט אזעלכע טראנזאקציעס צו ווייזן דעם אויסלענדישן אינוועסטאר, אז אין ישראל איז אויך א פלאץ, וואו עס זיינען דא גוטע פארדינסטן. ישראל נויטיקט זיך אין אויסלענדישן קאפיטאל פון וואנען ער זאל ניט קומען. אזוי ווי עס נויטיקן זיך אין פרעמדן קאפיטאל יעדעס לאנד וואס מוז אויפבויען איר אינדוסטריע און וויל אויסברייטערן איר האנדל. אונדזער אייגן לאנד קאנאדע, וואלט קיינמאל ניט דערגרייכט איר עקאנאמישע פאזיציע אן די גרויסע אינוועסטיציעס פון אנדערע לענדער. קאפיטאל איז דער לעבנס קראפט פון א פאלק. דורך קאפיטאל און ארבעט ווערט א פאלק עקאנאמיש זעלבסשטענדיק און די גאנצע וועלט וויל מיט איהם האנדלען. ישראל ווייס דעם סוד פון פראדוקטיווער ארבעט, עס פעלט איר נאר דער קאפיטאל.

דעם ארטיקל דארף צושטעלן דאס וועלט יידנטום און דווקא ניט אומזיסט. עס וועט אריינברייינגען גוטע רווחים אויך. נאכן דורך שמועסן זיך מיטן מיניסטער ספיר גאר היימיש, האט א פאטאגראפער אנגעהויבן נעמען בילדער פון יעדן פארל מיטן מיניסטער אונדזערן

און מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָבן מיר געקראָגן צוגעשיקט אַ בילד פון דריי זייער שיינע מענטשן...

פאַר איינס אַזייגער דעם זעלבן מאָנטיק זיינען מיר איינגעלאַדן אין אוניווערסיטעט פאַר אַ מיטאָג אויפנאַמע. עס נעמען אונדז אויף פּראָפעסאָר יעקב גראָס פון מאָנטרעאַל און ד״ר עדי געלבער פון טאָראָנטאָ. מיר באַזוכן צום ערשט די אימפּאָזאַנטע געביידע פון ״געזעץ שטודיום״ וואָס דער קאַנאַדער יידנטום האָט ביי געטראָגן צום וואַקסנדיקן אוניווערסיטעט.

עס באַגלייטן אונדז דער פּראָפעסאָר פון געזעץ געשיכטע אויף דעם פאַקולטעט און אַ יונגע וועג־ווייזערין — אַ שיינע ישראלית. פּראָפעסאָר ק. רעדט מיט גרויס אָנערקענונג וועגן די ברייטהאַרציקייט פון קאַנאַדער יידנטום, וואָס ניט זייענדיק גרויס אין צאָל, האָבן זיי צו זייער קרעדיט גרויסע פּראָיעקטן אין ישראל נאָך אפילו פאַר דעם ווידערגעבורט פון דער מדינה. ער ווייזט אונדז דעם געריכט־זאַל, וואו עס קומען פאַר ״מאַאָק״ משפּטים מיט דער גאַנצער פּראָצעדורע פון אַ געריכט. די צוקונפטיקע, עורכי־דין, קריגן דאָ די געלעגנהייט אויסצואיבן זייערע ידיעות אין געזעץ, ביי פּראָוואו משפּטים, וואָס דער פאַקולטעט אָרדנט איין. און ווער ווייס, ווי לאַנג עס קען נעמען, ביז אַ יונגער אַדוואָקאַט האָט אַ געלעגנהייט צו פּראַקטיצירן געזעץ אין אַן אמתן געריכט? איז אין דעם געריכט־זאַל דאָ אַ מעגלעכקייט פון אויפטריט פאַר דעם קטיגור אין דעם יונגן סניגור וואָס קענען ווייזן זייערע תּעהיקייטן איידער זיי טרעטן צו צו זייערע קאַריערעס.

מיר עסן ארוחת־הצהרים אין דער גרויסער אוניווערסיטעט קאַפעטעריע און מיר לאָזן זיך פאַר אַ באַזוך צו די אַלע מאָדערנע געביידעס וואו אונדזער יוגנט שעפּט די וועלטלעכע מאָדערנע וויסנשאַפט מיט דער פולער מאָס, און וואו עס איז אויך דאָ אַ ווינקל פאַר דעם אַלטן יידישן וויסן וואָס הייסט ״יהדות״.



# טעהעראַן

אין טעהעראַן זיינען מיר אָנגעקומען אַרום אַכט אַזייגער אין דער פרי. וואָס אָן אמת, מיר זיינען אַהין ניט געפאָרן ווי מחותנים צו דעם שאַך׳ס חתונה, ווייל זיי האָבן פאַרגעסן אונדז איינצולאַדן. מיר זיינען געפאָרן אין טעהעראַן, ווייל דאָס איז דער איינציקער וועג דורך וועלכן איר קענט פליען פון תל־אביב קיין ניו־דעלהי.

דורך די פרי מאָרגן שעה׳ן זעט מען פון אייראָפּלאַן פענצטער, הונדערטער מיילן קופער גרויע בערג, אָן קיינע סימנים פון גרין גראָז אָדער בוים. עס איז שווער זיך פאָרצושטעלן, אַז דאָס איז די אַמאָליקע גרויסע פּרס (ומדי) פון וואַנען עס איז אַרויס די ערשטע באַלפור־דעקלאַראַציע פון מלך כּרש, אַז די גולי בבל מעגן זיך אומקערן אַהיים און זיי מעגן האָבן געוווער אויף בויען דעם בית־המקדש מיט איין האַנט און מיט דער אַנדערער זיך פאַרטיידיקן.

אין יענע אַלטע צייטן האָבן די בערג געמוזט זיין באַוואַקסן מיט שיינע ביימער און פאַרבויט מיט שיינע האַטעלן. אַזאַ מלך ווי אונדזער קוזינעס מאַן, אחשורוש, וואָס האָט געקעניגט איבער הונדערט מיט זיבן און צוואַנציק מדינות וועט דאָך ניט דערלאָזן, אַז זיינע אייגענע בערג זאָלן זיין מדבריות און זיינע איבערגעגעבענע אונטערטאַנען זאָלן דאַרפן פאָרן אויף דאַטשע ערגעץ אין הודו. איז פון דעם צו דרינגען, אַז אַמאָל זיינען די בערג געווען אַזוי שיין ווי די לאַרענשנס, קעטסקילס מאַונטיינס, נאָר די מאָנגאָלן האָבן דאָס אַלץ חרוב געמאַכט און זינט דאַן שטייען זיי און ווערן צופּולווערט פון די ברענענדיקע שטראַלן פון דער מזרח זון.

אויפן פלי־פּלאַץ באַגעגנט מען אַ מישמאַש פון פאַרשיידענע פעלקער: דאָס ערשטע זעט מען די תושבים פון לאַנד — די פּערסיער. דאָ זעט איר אָבער אויך כינעזער און רוסן יאַפּאַנעזער און אַ שיין ביסל אַראַבער. מיר דאַרפן דאָ וואַרטן אַ פינף זעקס שעה פאַר אונדזער אייראָפּלאַן, וואָס וועט אונדז נעמען קיין ניו־דעלהי. האָב איך

געקראגן א דערלויבעניש פאר א גרופע פון זעקס צו נעמען א טור איבער דער שטאט. די וועג־ווייזערין אונדזערע די "גייד" רעדט א גוטן פערסיאניש און אביסל פראנצויזיש. מוז איך זיך מודה זיין, אז איך בין שוואכלעך איןביידע לשונות, אבער, אז עס איז דא אויגן זעט מען (און אביסל רעדט מיין פרוי פראנצויזיש) פארן מיר און מיר קוקן אויף די אפגעריסענע פערסיאנער און אויף די איינגעוויקלטע מוסולמענערינס אין שווארצע קאפטאנעס ביז איבערן קאפ. קיין געזיכטער זעט מען ניט, מען זעט נאר נאז און אויגן. אויגן אויסגעלאשענע און אויגן פארטאיעטע און גלוסט דערדריקטע. איך האב געזוכט עפעס א סימן פון אונדזער מרדכי׳ן און פון אונדזער קראסאוויצע אסתר, וואס האט אמאל געוואונען דעם ביוטי־קאנטעסט אין צארסקאיע סיעלא — ניטא. המנ׳ס מוזן נאך יע זיין.

מיר פארן פארביי דעם פאלאץ פון שאך מיטן שיינעם גארטן ארום. ניט קיין מיאוסער פלאץ אויף שפילן שאך ... די פערסיאנערין ווייזט אונדז דאס שענסטע וואס טעהעראן פארמאגט. דער אוניווערסיטעט פארנעמט א גרויסן שטח אין מיטן שטאט און זיינע געביידעס אינגאנצן מאדערנע זיינען אפגעטיילט מיט פארקן איינע פון דער אנדערער. קיין הויכע געביידעס זעט מען ניט. מען זעט אבער יע, אז עס בויען זיך ערשט עטלעכע העכערע נייע געביידעס. די שטאט פארמאגט עטלעכע ברייטע בולווארן, עס פעלן אבער דארט מער גרינע ביימער, וואס מיר זיינען געוואוינט צו זען אין די גרויסע שטעט פון אייראפע און אמעריקע און אפילו ישראל.

טעהעראן ליידט פון וואסער מאנגל און די אפענע קאנאליזאציע, וואס לויפט אראפ ביי די זייטן פון די גאסן איז שטענדיק פול מיט אפגאם וואסער און עס שמעקט מיטן ריח פון דעם טייך שטונקיילא.

די טעהעראנער טענה׳ן, אז מען קען זיך גיך צוגעוואוינען צו דעם ריח און נאכדעם ווי מען האט זיך שוין צוגעוואוינט איז גאר פריקרע צו שצעקן דעם ריח פון בלומען. אזוי טענה׳ן זיי די טעהעראנער און מען מוז זיי גלויבן. מיר פארן צו דעם היסטארישן מעטשעט "סעפסאלאר". מיט די פאנטאנען אין דעם גרויסן פיר עקיגן הויף וואו עס דרייען זיך גרופעס הייליקע און מורמלען תפילות. אויף די ווענט ביי די ארייננגאנגען זיינען ארייגעארבעט מאזאאישע קונסט אויסארבעטונגען און יעדער פארבייגייער טוט זיך אביסל בוקן צום הייליקן פלאץ. די גרויסע אטראקציע פון טעהעראן איז דער צוגעדעקטער מארק מיט זיינע צענדליקער געסלאך און הונדערטער קראמען. טויזנטער מענטשן דרייען זיך פון איין געסל צו דער צווייטער און קוקן זיך צו ווי מען פארקויפט אדער מען באט אן צום פארקויפן

אלע סארטן בראסלעטן און אויערינגלעך און סאמאווארלאך מיט טשייניקלאך געמאכט פון זילבער און פון קופער און נאך אזעלכע שמאכטעליאטקעס. מיין ווייב איז געפעלן געווארן א זילבענער סאמאווארטשיק מיט א טשייניקל און עס האט זיך אנגעהויבן א דינגעניש מיטן פערסיאנער אין אלע שפראכן.

דער סוף איז געווען, אז מיר האבן אויפגעלייגט ביידנס הענט איז געווארן צוואנציק נאכדעם האב איך צוגעלייגט נאך איין האנט איז שוין פינף און צוואנציק און דער כרש וויל נאך אלץ ניט. עס האט גארניט געהאלפן און איך האב געמוזט ווייזן נאך פינף פינגער און ער האט איינגעפאקט דעם סאמאוואר. אט דעם סאמאוואר האט מיין ווייב אויסגעפירט די גאנצע וועלט. אין אלע קאסטאם הייזער האבן מיר געמוזט זאגן, אז מיר קענען ניט טרינקען קיין טיי סיידן עס קומט פון א סאמאוואר. ערשט שטייט דער סאמאוואר ביי אונדז אין פארלאר און מיר טרינקען נאך אלץ טיי פון אן עלעקטרישן טשייניק.

טעהעראן פארמאגט איין גרויסן דעפארטמענט געשעפט באלאנגט דאס צו א דייטש, האבן מיר זיי שוין מוחל געווען די מציאות.

עס זיינען דא יידן אין איראן און ספעציעל אין דער שטאט טעהעראן. עס זיינען אפילו דא עטלעכע "יורדים" אויך. עס איז אבער ניט געווען גענוג צייט זיי אויפצוזוכן. איך האב געהאט דעם אדרעס פון פרוי... די אנפירערין מיטן ארט אין איראן, עס איז אבער געווען אונמעגלעך זיך צו טרעפן. מיר זיינען נאך ארומגעפארן סתם אזוי אנקוקן געשעפט גאסן און רעזידענץ געגנטן. די מיידל האט אונדז די גרויס ארעמקייט ניט געפרווט ווייזן, אבער באהאלטן האט זי אויך ניט געקענט דעם גרויסן דלות וואס פייפט ארויס פון די ליימענע כאטקעס אויפן וועג צום לופט פארט. איך האב פארגעסן דערציילן, אז פליענדיק פון תל־אביב קיין טעהעראן האבן מיר זיך באקאנט מיט א גאנץ יונגער פארל פון לאס־אנדשעלעס. ער א מאן פון ארום פערציק, זי מיט א פינף יאר יינגער. זיי האבן זיך פארגעשטעלט אלס מר. און מרס. סטיווענס און גיי טרעף, אז סטיוועגס איז ניט קיין גוי.

אין טעהעראן האבן מיר אויסגעפונען דעם סוד, אז זיי זיינען אונזעריקע און זיי זיינען דאס געווען צוויי פון די זעקס מיט וועלכע מיר זיינען אויסגעפארן טעהעראן. ווען זיי וואלטן זיך ניט מודה געווען, וואלט איך זיך גוט געהיט מיט א ווארט פאר אמעריקאנער גוים, ווייל דארלין סטיווענס קען אויסהאלטן דעם עקזאמען מיט איר אויסזען פאר א "דזשענעוויין" שיקסע און "בארני" וואלט געקענט זיך ארייג־טשעקן אין יעדן "רעסטריקטער" האטעל. איז אז מ'דערהערט דעם קול יעקב פון עשו'ס "לוקס" ווערט אביסל פריילאכער אויף דער יידישער

נשמה. ווי מיר האבן נאכדעם אויסגעפונען איז דארלין סטיוועגס די טאכטער פון א גאר רייכן מעבל פאבריקאנט דזשעק פאפקין אין ״ספרינגפילד מאסאטשוזעס״ און איר פאטער באשטייערט זיך פארן ״יו־דזש־עי״ מיט דער זעלבער סומע, וואס עס גיט דיואי סטאאון פון באסטאן.

מיר איז דאס שווער געווען צו גלויבן, ווייל איך ווייס, אז דיואי סטאאון גיט אלע יאר הונדערט און פופציק טויזנט דאלאר. בארני איז אויך אין די זעלבע געשעפטן אין קאליפארניע און ערשט מאכן זיי א וועלט רייזע פונקט ווי מיר אבער זיי מאכן עס אין א סך א פריערדיקן עלטער. זיי האבן פארבראכט דריי וואכן אין ישראל און זיי זיינען שטארק באגייסטערט פון דער יונגינקער מדינה. מיט די סטיוועגס האבן מיר דורך געמאכט דעם גרעסטן טייל פון אונדזער רייזע אין אינדיע און אין דעם ווייטן מזרח. צוזאמען האבן מיר אראנזשירט אונדזערע טורס, צוזאמען האבן מיר אויסגענוצט א סך פילם און צוזאמען האבן מיר זיך געטיילט מיט די איינדרוקן פון דער גרויסער אנדערשקייט אין יענע וועלט טיילן.

ווען יונגע מענטשן לאזן איבער זייערע דריי קינדער, וואס דער עלטסטער איז דרייצן און ווילן זען די וועלט איז פאר זיך אליין א סימן, אז זיי זוכן עפעס. זאל עס זיין נייגעריקייט, אדער אפילו אוואנטורע, אינטערעסאנטע געזעלשאפט זיינען זיי שוין יא.

שפעט נאכמיטאג פארלאזן מיר די מוסולמאנישע מלוכה און מיר פליען אפ מיט ״אייר־פראנס״ קיין ניו־דעלהי״. פון דער הויך קוקט מען ווידער אראפ אויף א ים פון זאמד און אויף בערג פון שטיין. איז דאס מעגלאך, אז דאס לאנד האט ניט קיין אגריקולטור? פארוואס זשע זעט מען ניט קיין ביסל גרין? סיידן זיי ווערן זאט מיטן אויל פון אבאדאן. די רייזע געדויערט זעקס שעה און צען אזייגער אין אוונט לאזן מיר זיך אראפ אויפן פלי־פעלד אין ניו־דעלהי.

☆ ☆ ☆

# ניו דעלהי אינדיע

ניו־דעלהי, איז א מוסטער שטאט פון אויסערגעוויינלעכע שיינקייט. אירע גאסן און אירע בולווארן זיינען אויסגעפלאנירט מיט דער גרעסטער מאס פון רחבות און אירע רעגירונגס געביידעס זיינען פון די שענסטע אין דער וועלט. די נייע שטאט דעלהי איז נאך ניט אלט קיין 60 יאר און זי איז געבויט געווארן דורך א קאפריז פון א בריטישן "וויסראי". געווען איז דאס אין 1912, ווען אויף דער גרויסער ענגלישער אימפעריע האט זיך די זון נאך קיינמאל ניט געזעצט אין אינדיע איז נאך געווען די גרעסטע מעלקנדיקע קו פאר דער קרוין. זיינען צוויי גרויסע שררות, דער "וויסראי" פון אינדיע און דער קאמישיאנער פון דער אלטער שטאט דעלהי ארויסגעפארן אויף זייערע ווייסע פערד פאר א שפאציר הינטערן שטאט.

אין יענעם שיינעם פארנאכט, ווען א ווינטל האט געבלאזן פון די אפענע פלוינען און די לופט איז געווען טרוקן און שמעקעדיק. האט דער גרעסערער שררה געזאגט צום קלענערן שררה: אט דאס איז דאס "טשאם". — ידיד דא וועט דאס זיין.

אין א קורצער צייט שפעטער זיינען אראפגעקומען אין דעלהי צוויי גרויסע ארכיטעקטן פון ענגלאנד: סער עדווין לוטייענס און סער הערבערט בייקער האבן זיך גענומען אויספלאנירן א נייע הויפט שטאט פאר דער אימפעריע וואס זאל זיין גוט פאר הונדערטער יארן. נאך א סיבה האבן די אימפעריע בעלי־בתים געהאט פאר וועלן בויען א נייע שטאט פאר זיך. עס איז זיי מיאוס געווארן אנצוקוקן פון דער נאענט דעם שווידערלעכן אפגרונט פון שמוץ אין וועלכע עס ראיען זיך מיליאנען הונגעריקע מענטשן אן א דאך איבערן קאפ, האבן זיי געוואלט האבן פאר זיך א נייע מוסטער שטאט. די מענטשן אין "פארייןן אפיס" האבן מיט אריבער 60 יאר צוריק ווייניק באגריפן, אז די וועלט שטרעבט צו זעלבסטשטענדיקייט און אז די וועלט וועט בייטן איר געשטאלט און איר איינשטעל.

זיי זיינען געווען אזוי זיכער, אז עס וועט גארניט געשען, אז זיי האבן דורך די קומענדיקע עטלאכע און צוואנציק יאר אנגעבויט רעגירונגס פאלאצן פון גרעסטן פארנעם. די ראשטראפאטי "בהאוואן", וואס איז געווען די הויז פון די "וויסראיס" און היינט איז דאס די "ווהייט־האוז" פון פרעזידענט, איז עפעס אזוינס, וואס מאכט אויסקוקן דעם באקינהאם פאלאץ פארשעמט.

דער קופערנער "דאאם" וואס איז אילומינירט באשטימטע נעכט שיינט אראפ צו דער נייער שטאט מיט ליכט פון באפרייאונג. די

ארכיטעקטור טראגט די כאראקטעריסטיקס פון אינדישע, מוסלעמענישע און מעריב אינפלוענצן. די גערטנער, וואס זיינען פארפלאנצט אין היסטארישן "מוגהאל" סטיל זיינען א צוגאב פון מער פראכט צו דעם מאיעסטעטישן בנין.

מיר זיינען פארפארן אין דעם מלוכה האטעל — "ניו אשאקא". דער האטעל איז אן ערשט קלאסישער מיט צוויי פלוסן: די גרויס פון די צימערן מיט זייערע טאפלטע באלקאנען זיינען אן אויסנאם אין אלץ, וואס מיר האבן ווען געזען אין האטעל אקאמאדאציע.

די דאזיקע טעפיכער מיט די באקוועמע מעבל שאפן אן אנגענעמע שטימונג און די סטיווענס זיינען אין זיבעטן הימל. אלע צימערן האבן קיכן מיט פרידזשידערס און די "איירקאנדישאנינג" ארבעט שטענדיק. די באדינונג אין האטעל איז אן אויסערגעוויינלעכע. מען דארף זיך נאר צוגעוואוינען צו די בארוועסע פיס, מיט וועלכע די באדינער קומען אריין אין אייער צימער. גרויסע שיכטן פון אינדישן פאלק גייען ארום בארוועס. זיי גלויבן ניט, אז מען מוז אריינזעצןביידע פיס אין תפיסות פאר א גאנצן טאג און זיי באפרייען פאר דער נאכט. פיס דארפן זיין אזוי פריי ווי עס דארפן זיין די הענט אדער דאס ווארט און אויב דער אספאלט איז א הייסער און ער ברענט אביסל דארף מען זיך נאר צוגעוואוינען און פארהארטעווען די פעל. נאכדעם לאכט מען זיך אויס פון א ביסל ברענען.

דאס עסן אין האטעל איז זייער גוט און ביי די מאלצייטן שפילט אן אינדישער ארקעסטער זייער שיינע אינדישע מוזיק. אין זייערע מאכלים פילט זיך אביסעלע צופיל פעפער. אבער ווען א פאלק האט געהאט אזויפיל פעפער צום שמעקן און האט דאס אנגענומען מיט ליבשאפט, וועלן מיר גיין זיי זאגן, אז עס איז צו פעפערדיק?

דאס קען מען ניט זאגן צו מענטשן, וואס נעמען אייך אויף מיט דער גרעסטער העפלעכקייט. דער האטעל "אשאקא" פארמאגט אויך אן אייגענעם "שאפינג" פאר דער באקוועמלעכקייט פון די טוריסטן און פארן בענעפיט פון די אינדישע קרעמער. דעם אוונט וואס מיר זיינען אנגעקומען איז שוין געווען צו שפעט פאר קויפן עפעס. האבן אונדזערע ווייבלעך נאר אריינגעקוקט דורך די שוי־פענצטער און האבן זיך קוים געקענט דערוווארטן פאר מארגן פרי, כדי צו קענען אריינכאפן עטלאכע שיינע "סאריס" וואס דער אינדישער סוחר האט אזוי קונציק אויסגעשטעלט אין זיין באלויכטענעם געשעפט.

מיר האבן זיך באשטעלט פאר פרישטיק פאר אכט דרייסיק אין לוקסוסדיקן "דיינינג־רום" און ניין דרייסיק איילן זיך אונדזערע פרויען צום געשעפט פון די שיינע "סאריס". דער קלוגער אינדיאנער קרעמער

ווייס פון זיין דערפאַרונג, אַז ווען פרויען ווילן עפּעס קויפן און זיי דאַרפן וואַרטן ביז מען וועט עפענען דעם געשעפט, זיינען זיי גרינגערע קויפער ווען מען לאָזט זיי אַריין. איילט ער זיך ניט מיטן עפענען זיין געשעפט ביז עלף אַזייגער. די ווייבלעך שטייען נעבאַך אויף שפּילקעס. זיי קוקן דורך דעם גלאָז אויף די פאַרשיידענע קאָלירן און יעדע רגע איז אַ שעה.

עלף אַזייגער איז אַראָפּגעקומען דער אינדישער סוחר. זיין באָרד שיין אויסגעקעמט און דער טורבאַן אויפן קאָפּ אויסגעפּלאַכטן ווי אַ קוילעטש און ניט איילנדיק האָט ער אויפגעשלאָסן די טיר.

ווען די טיר איז געווען האַלב אָפן, זיינען אין סטאָר שוין געשטאַנען צוויי פרויען און האָבן מיט אַן אָפּגעכאַפּטן אָטעם געטאַפּט די גלאַטע סחורות פון זייד, וואָס דראַפּירן אַזוי שיין די שלאַנקע פרויען קערפּערס פון די אינדישע פרויען. גאָר קיין גרויסע מציאות ווייזט אויס האָט ער ניט דער אינדיער סוחר. נאָר אַז ער האָט שיינע סחורה, דאָס מוז מען מודה זיין. אַרום אַ פערטל נאָך צוועלף האָט דער קרעמער שוין געהאַט אָפּגעלייזט. נאָר ביי די צוויי קאָסטאַמער — פערצן "סאַריס". ער האָט פאַרקויפט צו אַנדערע אויך עטלאַכע, נאָר דאָרטן זיינען שוין געווען קלענערע קניות.

ווען די אַנדערע קויפערינס זיינען אַריין אין געשעפט און האָבן דערזען ווי אונדזערע פרויען האַלטן אין איין זאָגן, אַז דאָס נעמען זיי און יענע דריי נעמען זיי אויך און די צווייטע בלויע מיט די דריי גרינע אויך און נאָך און נאָך, האָבן זיי לכתחילה געמיינט, אַז פאַר זיי וועט שוין גאָר ניט בלייבן. אָבער ווען אונדזערע האָבן זיך אַביסל אָפּגעשטעלט האָבן זיי איינגעשטעלט און אויך פּרובירט עפּעס האַנדלען. אָט דאָס איז דאָס, וואָס מען זאָגט אַ קלוגער סוחר.

מיר פאָרן אַרויס אָנצוקוקן די יונגע שטאָט ניו־דעלהי. פאָרנדיק דורך די ברייטע בולוואַרן וואָס זיינען פאַרפּלאַנצט מיט טראָפּישעביימער זעט מען הערלעכע רעזידענץ געגנטן מיט גראָז אַזוי ווי גרינער סאַמעט אין פאָרנט פון די הייזער. ווען מען קומט צו צו דער אינגאַנצן קיילעכדיקער — פּאַרלאַמענט געביידע מיט איר גרויסע צאָל קאָלאָנאַדעס אַרום און מיט די צענדליקער בייכיקע ביימער וואָס באַפּוצן דעם פּאַרק, דערזעט מען, אַז גרויסע אימפּעריעס האָבן אין אַלע צייטן פּרובירט אויפשטעלן ענלאַכע געביידעס אין אַ גרויסן קיילעך.

די רוימער האָבן אויפגעבויט דעם גרויסן קאָליסעאָום אין רוים אין זעלבן סטיל, אינגאַנצן קיילעכדיק. דער אונטערשיד איז נאָר אין דעם, וואָס אין דער פּאַרלאַמענט געביידע פאַרזאַמלען זיך די

פארטרעטער פוןביידע הייזער און ווילן שאפן בעסערע געזעצן און דארט אין אלטן קאליסעאום זיינען ארויסגעגעבן געווארן אומברייִנג געזעצן וואו מענטש און ווילדע חיה זאל קעמפן פאר זייער לעבן בכדי צופרידן שטעלן די סאדיסטישע אפעטיטן פון די בלוט־דורשטיקע רוימער מושלים.

מיר שטעלן זיך אפ ביי די סעקרעטאריאט געביידעס וואס הויכן ארויס מיט 270 פוסיקע "דאאומס" אין די געביידעס זיינען דא בא א טויזנט ביורא צימערן און אכט מייל קארידארן אין אלע עטאזשן.

ניט ווייט פון די סעקרעטאריאט געביידעס איז דער הערלאכער פארק מיט דעם "וואר מעמאריאל ארטש" נאך די זיבעצן טויזנט אינדישע סאלדאטן, וואס האבן אוועקגעגעבן זייער לעבן פאר דער קרוין.

אין זעלבן פארק שטייט אויך אן אימפאזאנטע דענקמאל סטאטוע פון קעניג דזשארדש דעם 5טן. פארנדיק מיט דער פארלאמענט הויפט גאס וואו עס געפינען זיך מאדערנע אפיס געביידעס זעט מען די בראדקאסטינג הויז פון "אינדיע ראדיא", און די מאסיווע געביידע פון דער "באנק אף אינדיא".

ווען "דזשאנטאר־מאנטאר" איז געבויט געווארן מיט א 250 יאר צוריק איז נאך דא קיין סימן ניט געווען פון א שטאט. דער גרויסער אינדישער געלערנטער און אסטראנאמער האט דאס געבויט אויף צו שטודירן די וועגן פון די הימל קערפערס און פאר דעם האט ער אויפגעבויט 3 קיילעכדיקע געביידעס אן א דאך פון אויבן. איינע פון די געביידעס איז אזוי געבויט, אז די זון קען דארט ארייַנשיינען נאר איין טאג אין יאר — דעם 21סטן מערץ. היינט איז דער דזשאנטאר מאנטאר אבסערוואטאריע מערסטנס א פלאץ פאר טוריסטן צו אבסערווירן אן אבסערוואטאריע.

דער "וויגואן בהאוואן" איז אן אולטרא מאדערנער קאנפערענץ האל, וואס איז אויסגעשטאט מיט די בעסטע סיסטעמען פאר גוטער אקוסטיק און איז אינגאנצן ניי פארן אויג מיט זיין ארכיטעקטאנישער פלאנירונג.

אונדזער "גייד", ווייזט אונדז אן אויף דער גרויסער געביידע פון אויבערשטן געריכט און אויף דער גרויסער נאציאנאלער לאבאראטאריע פאר פיזיקס.

מיר פארן באזוכן דעם ערשטן טעמפל אין ניו־דעלהי דעם בירלא טעמפל. אט דער טעמפל איז גראד ניט קיין היסטארישער. ער איז געבויט געווארן אין הייַנטיקן יאר־הונדערט און איז די שטאלץ פון דער נייער שטאט. די ארכיטעקטן פון דעם בירלא טעמפל האבן ניט

געפראוועט ווייט אוועקגיין פון דעם נאציאנאלן שטייגער פון טעמפל בוי. זיי האבן זיך געהאלטן נאענט צום אינדישן רעליגיעזן סטיל שטייגער און האבן נאר, וואו ניט וואו, אריינגעבראכט עפעס פון מאדערניזם פון דער צייט.

אינדיע, איז א לאנד פון פארשיידענע גלויבנס און איין נאציע. דער גרעסטער טייל פון אינדישן פאלק גלויבן אין הינדואיזם, וואס זיין פילאזאפישער איינשטעל איז; די איינהייטלעכקייט פון דער אוניווערסאלער נשמה פון וועלכער די אינדיווידועלע נשמות זיינען נאר אן אפשטראל, צו די גרויסע מאסן אינדיער. פארשטייען דעם הינדואיזם אין זיין פילאסאפישן באגריף? בין איך ניט שטארק זיכער. פונקט אזוי בין איך ניט זיכער אויב אונדזערע יידישע מאסן פארשטייען יהדות אים רמבמ׳ס באגריף?

בודואיזם איז די צווייטע גרויסע רעליגיע, וואס פארבינדט מיליאנען אין זיין גלויבן. "בודד גאיא" און "סארנאט" וואו בודדא האט געגעבן זיינע ערשטע דרשות זיינען פון די הייליקסטע פלעצער בא די בודואיסטן. "דזשאיניזם" און "סיקהיזם" זיינען אויך גאנץ גרויסע רעליגיעס אין דער מיליאניקער אינדיע. "מאהאווירא" דער באגרינדער פון סיקהיזם האט געפריידיקט, אז א מענטש קען דערגרייכן השארת הנפש, נאר דורך רעכטפארטיקע מחשבה און גוטע מעשים און אז אלע באשעפענישן האבן עפעס א נשמה און דעריבער איז א זינד צו טאן זיי שלעכטס.

איסלאם און קריסטענטום איז אימפארטירט געווארן פון דרויסן. פאקיסטאן, וואס איז אמאל געווען א טייל פון אינדיע, האט דעם גרעסטן טייל אנהייגער פון איסלאם. קריסטלעכע קלויסטערס האב איך עפעס ניט צופיל באמערקט, אבער זיי מוזן זיין ערגעץ אין געגנטן, וואס איך האב ניט באזוכט. אין ניו דעלהי האבן מיר דעם אדרעס פון אן אינדישער פאמילע וואס האבן א גרויס יובעליר געשעפט אין צענטער פון שטאט. אונדזערע פריינט אין ניו־יארק וואס זיינען שטארק באפריינדעט מיט דער נאהארין פאמיליע האבן צו זיי געשריבן וועגן אונדזער רייזע קיין אינדיע. האט איר שוין באדארפט זען וואס פאר א מכניסי אורחים די אינדיער זיינען: פריער מוזט איר מיט זיי טרינקען עטלעכע לחיים׳ס אין געשעפט. נאכדעם שווארצע קאווע מיט א צובייס און אז דער אפעטיט איז אביסל א צורייצטער פארט מען צו "גיילארד", וואו עס ווערן סערווירט די בעסטע אינדישע מאכלים.

"גיי לארדס" איז דער "מאקסימוס" פון ניו־דעלהי און איר מוזט זיך פארלאזן אויפן "מייטרע די", אז ער זאל דאס צוגרייטן פאר אייך די

מעדני מלכים. מיינט איר דאך אוודאי, אז "גיילארדס" קען מען ניט קריגן קיין פעפער? זאג איך אייך, אז איר האט במחילה, א טעות. פאר געלט קריגט מען אלץ אפילו אין אינדיע און זיי קארגן אויך ניט פון דעם מין. איך האב ביז דאן ניט געוואוסט, אז אינדיע איז דאס לאנד וואו דער שווארצער פעפער וואקסט. עסן א סך פעפער איז א געוואוינהייט, אזוי ווי אלע געוואוינהייטן. אט למשל, האב איך געהאט א פעטער בערל, פלעגט ער ארויפשיטן א שיין ביסל פעפער אויף דעם שבתדיקן טשאלענט און ער איז אין זיין לעבן קיינמאל אין אינדיע ניט געווען.

די נאהארינס האבן נאך א גרויס געשעפט פון טייערע ביזשוטעריע אין דער אלטער שטאט דעלהי און זייער פירמע איז א פאר הונדערט יאר אלט. מיר און די סטיווענס האבן זיך מיט זיי געטראפן נאך א פאר מאל, אבער ווער קען פארדייען אזויפיל גאסטפריינטלעכקייט?

די אינדיער זיינען גרויסע ספעציאליסטן אין דער אויסארבעטונג פון אייווארי און אין קונסטשטיק פון גאלד און זילבער. קען מען זען אין געשעפט צענטער, צענדליקער געשעפטן פון די אויסארבעטונגען.

אין א נאכמיטאג פארן מיר אנקוקן די אלטע היסטארישע דעלהי און מיר שטעלן זיך אפ ביים "רעד-פארט". די לעגענדעס וואס ווערן דערציילט וועגן דעם "רעד-פארט" שטייגן אריבער יעדע פאנטאזיע פון מאס און פרייז. ביים היינטיקן טאג זיינען ווייניק געבליבן פון די אוצרות וואס דארט איז געווען. די קאלאנען אין די אויפנאם צימערן זיינען געווען אינגאנצן פון מארבל און די סופיטן זיינען געווען באדעקט מיט זילבער און גאלד. דער "פיקאק" טראן איז געווארן א וועלט לעגענדע און זיין ווערט איז געשאצט געווארן אין 70 מיליאן פונט שטערלינג. דעם גרעסטן רויב האט געמאכט "נאדיר שאה" אין 1739 און אביסל איז אוועק אין לאנדאן, פריי פון אפצאל.

ראדזש-גהאט איז דער נאמען פון דעם נאציאנאלן פארק וואו עס איז פארגראבן די אש פון דעם גרעסטן מאראליסט אין היינטיקן יאר הונדערט — מאטהאמא גאנדי. דער מאוזאלעאום — אויב מען קען דאס אזוי אנרופן — איז געבויט אין דער פארם פון א גרויסן מזבח צו וועלכן מען גייט ארויף מיט עטלעכע טרעפ. יעדן טאג ווערן געביטן די בלומען, וואס באצירן דעם אויבן פון דעם נידעריקן דענקמאל. מיר, אזוי ווי אלע איבעריקע וואס זיינען געקומען אנקוקן דעם הייליקן פלאץ האבן אראפגענומען די שיך פון די פיס און געגאנגען עטלעכע הונדערט פוס אין זאקן ביז דעם ארט, וואו דער דענקמאל געפינט זיך.

דער גרויסער מענטש, מאטהאמא גאנדי, האט געטרוימט פון א וועלט אן טרערן. זיין מענטשן ליבע איז ניט געווען באגרענעצט נאר צו

זיין פאלק, וואס האט אזוי שטארק געליטן. ער האט פארמאגט געגוג ליבע פאר דער גאנצער מענטשהייט און פארן גאנצן באשאף. ער איז נאך צו נאענט צו דער וועלט געשיכטע, אז מען זאל דערזען זיין פולער גרויסקייט, דיסטאנץ אין צייט וועט וואס ווייטער אלץ מער ארויסברענגען די גרויסע געשטאלט פון דעם צדיק הדור.

מען האט אונדז אנגעזאגט, אז מיר זאלן זען דעם היסטארישן מאאסק "דזשאמא מאסדזשיד" ניט צוליב זיין אויסערגעוויינלעכער עלעגאנץ, נאר צוליב זיין הייליקייט. אין דעם מאאסק, דארף זיך געפינען א שטעק־שוך א "סליפער" פון גרויסן נביא "מאהאמעד" און זיין פוסטראט איז דארטן אפגעצייכנט אין שטיין. וואס דארטן טוט זיך דאס ניט אפ לעבן דעם דזשאמא־מאדזשיד? ארום און ארום זיינען אויפגעקלאפט פון אלטווארג געשטעלן פאר האנדל און טויזנטער מענטשן האנדלען מיט גארניט. א געשטעל וואס פארמאגט 16 טשוועקלעך מיט א האמער און אן אלטע אפצוויינגע איז א געשעפט און מיט דעם האנדלט מען. אזא גרויסן אונטערשיד אין סטאנדארד און אין פארם פון האנדל זעט מען ניט אין ערגעץ אנדערשוואו.

עס איז אוממעגלעך ארויס צו גיין פון אן אויטא, ווייל עס באפאלן אייך הונדערטער בעטלער פון גאר אלטע ביז גאר יונגע און אלע ווילן אייך גלעטן.

אט אזוי מוז דאס אויסזען א קא־עקזיסטענץ פון דורות, וואו דער מיטל אלטער טוליעט זיך צום צוואנציקסטן יארהונדערט מיט אלע זיינע דערגרייכונגען און זיי הויזן צוזאמען אין גאר נאענטער שכנות.

"דזשאמא מאסדזשיד" אין מיין שפראך וואלט געקענט הייסן בשמים פון מיסט אדער דער שונא פון נאז דער גערוך פון צופארעטע לייבער און פון אפגעשפארטן שמוץ דרינגט דורך די נאז־לעכער אין ברוסטקאסטן. דער מאגן דערפילט דעם איבל און קערט זיך נאך הילף פאר פרישע לופט, זיך צו קענען באפרייען פון דעם איבל געפיל. איז מען טאקע אויף צרות מיט אזא נאז, וואס איז אן איבערקלייבער אין שמעקן.

מיר לאזן זיך צו די הויפט גאסן פון דער אלטער שטאט דעלהי און אויפן וועג טרעפן מיר אן עטלעכע אינדיער וואס זיצן ביים וועג און פארכישופן שלאנגען מיט זייער לאנגע פייפלעך. די שלאנגען הויבן זיך אויף פון זייערע בייכלעך און גלייכן זיך אויס ווי א שטעקן אין משה'ס האנט איידער ער איז געגאנגען צו פרעה'ן. די שטעקן־שלאנגען טאנצן אויס זייער גיפטיקן טאנץ מיט ווארפן די קעפלעך הין און צוריק אזוי ווי פארשיכורטע. מיר באצאלן פאר דער שפיל און פארן ווייטער, ווייל עס איז א מורא צו שטיין לעבן שלאנגען, ווען איר האט מיט זיך חוה'ס.

דער צענטער פון דער שטאט דעלהי שוויבלט מיט מענטשן־מאסן אנגעטאן אין ווייסע קיטלען מיט גארטלען ארום. הונדערטער געשעפטן פון גאלד, זילבער און אייוארי שטעלן אויס זייערע סחורות און סוחרים פון אינדישע טעפּיכער זיצן אויסגעזעצט אויף די טראטוארן און ווייזן אן אויף זייערע סחורות, וואס זיי האבן צו פארקויפן. הענדלער פון ביליקע סחורות און אלטע שמאטעס זיינען אויך דא מיט זייערע סחורות און די טראטוארן זיינען זייערע אפענע געשעפטן. מענטשן ווי בינען דרייען זיך הין און צוריק, אנדערע טאפּן די סחורות און דינגען זיך געלאסן. די איבעריקע זיינען נאר צושויער און קוקן זיך צו צום שפיל פון האנדל. ווייסע בהמות שפּאצירן זיך ארום צווישן עולם און זוכן א שטיקל מאלצייט פון די ארויסגעווארפענע גרינסן, וואס די פּרוּכט הענדלער האבן ארויסגעווארפן. די קי זיינען א טייל פון דער באפעלקערונג און זיי געניסן די זעלבע רעכט, וואס עס האבן גרויסע טיילן פון דער אינדישער באפעלקערונג — זיי מעגן אויך צוהונגערן.

מיר זיינען עטלעכע מאל געפארן אנקוקן די נייע און אלטע דעלהי.

אין יענעם שיינעם זונטיגדיקן פרימארגן האבן מיר זיך אנגעטראפן מיט א רעליגיעזן פאראד אויף דער הויפּט גאס פון דער אלטער שטאט. עס האבן מארשירט טויזנטער מענטשן מיט פלאגן און ארקעסטערס האבן אויסגעפילט רעליגיעזע מוזיק אויף פארשיידענע כלים.

די פּראצעסיע האט זיך געצויגן פאר א לאנגער צייט און אין מיטן דער פראצעסיע איז געפארן א קארעטע איינגעשפּאנט צו צוויי ווייסע פערד. דער מענטש וואס איז געזעסן אין דער קארעטע איז געווען אויסגעפוצט אין קליידער פון א הייליקן מיט א ווייסן באנד אויף זיין מויל. אויסגעזען האט ער אזוי הייליק, אז מען וואלט אים געקענט אננעמען פאר א פרוי און דער באנד איז א סימבאל, אז הייליקע דארפן האלטן זייער מויל געשלאסן בכדי ניט געשטרויכלט צו ווערן מיט לשון הרע. א גרויסע לעקציע צו אונדזערע פרויען, וואס קומען צו די הדסה מיטינגען.

אויסצורעכענען אלע היסטארישע הינדו טעמפּלס און די איסלאמישע מאסקס מיט די טומס וואס שטייען אויף אלע וועגן אין דער אלטער און נייער שטאט דעלהי, וואלט געמיינט שרייבן א בוך וועגן דער אלטער אינדישער געשיכטע. מען קען אבער ניט אדורכלאזן ניט צו דערמאנען דעם זיבן הונדערט יאריקן אייפל טורעם "קוטאב מינאר", וואס שטייט ווי א שטומער עדות פון די פארגאנגענע טעג. "קוטאב מינאר" איז די העכסטע וואונדער שטיק פון מוסולמענישער ארכיטעקטאניק און קונסט.

פון זיין דרייסיק עטאזשיקער הויך קוקט מען אראפ אויף הונדערטער מיילן פון לעגענדארן לאנד. עס שטייען נאך דא ביי די הונדערטער קאלומס פון די הינדו טעמפלס, וואס די מוסולמענישע הערשער האבן חרוב געמאכט און גענוצט די מאטעריאלן פאר זייער ריזיקן טורעם. שטייט ער דער טורעם אביסל אנגעבויגן און דורות נאך דורות קלעטערן צו זיין שפיץ צו קענען אראפקוקן אויף דער אויסערגעוויינלעכער פאנאראמע, וואס שפרייט זיך אויס פארן אויג.



# א רייזע צום טאזשמא־האל אין אגרא.

ניין אזייגער שבת אין דער פרי פארן מיר ארויס צוזאמען מיט די סטיווענס קיין אגרא.

די טוריסט געזעלשאפט, וואס האט אן אפטיילונג אין אונדזער האטעל האט אראנזשירט פאר אונדז א ספעציעלע קאר מיט זייער א גוטן "גייד". נעגי, איז א ספעציאליזירטער וועג־ווייזער און ער קען גוט די מלאכה פון מאכן א טור אינטערעסאנט. דער וועג קיין אגרא איז א גוטער און מיר פארן פארביי אסך שטעטלאך און דערפער. ניט אלע דערפער מוז מען דערזען מיט די אויגן, מען קען זיי דערשמעקן מיטן נאז.

דער הויפט וועג איז באוועגלאך מיט בארוועסע פוס גייער און מיט רייטער אויף אייזלען און קעמלען און אביסל אויטאמאבילן. די פעלדער זיינען באשפרינקלט מיט מענטשלעכע סילועטן פון אלטע און גאר יונגע. דאס פרובירן זיי ארויסקוועטשן פון דער טרוקענער ערד די לעצטע זאפטן אירע, צו דערהאלטן די נשמות פון צופיל איבעריקע מענטשן, וואס זיצן אויף איר. מיר טרעפן אן קליינע גרופן פון אינדישע פרויען, איינגעוויקלט אין זייערע לאנגע באקליידונגען, מיט אלע סארטן טעפ אויף זייערע קעפ און מיט די הענט ארונטער. דאס אינדישע פאלק האט געלערנט די קונסט פון גלייכגעוויכט — באלאנס זינט דורות, און א פאלק וואס ווייס די מאס פון באלאנס וועט קיינמאל ניט מאכן קיין איבערגעאיילטן שריט.

גייען זיי די פרויען מיט געמאסטענע שריט און די טעפ שטייען גלייך אויף זייערע קעפ און רירן זיך ניט פאר א האר ווייל דער שריט איז ניט קיין איבערגעאיילטער.

מיר קומען צו צו א דארף, וואס איז באלאגערט מיט צענדליקער וועגענער געשפאנט צו קעמלען און אקסן און הונדערטער הייליקע און ווייניקער הייליקע אינדיער פילן אן דעם שליאך. נעגי דערציילט אונדז, אז אין דארף איז דא א הייליקער פלאץ צו וועלכן עס ציען זיך שטענדיק טויזנטער גלויביקע וואס קומען דארטן תפילה טאן.

עס איז ניט געווען אזוי גרינג זיך ארויס באקומען פון דעם דארף, צוליב די גרויסע מאסן פוסגייער וואס שטראמען אהין און צוליב די קי, וואס האבן זיך ליב צו חבר׳ן מיט מענטשן און נעמען ווייניק אכטונג צום בלאזן פון אן אויטא. אפפארנדיק עטלעכע מייל זאגט אונדז נעגי, אז ער זעט פון דערווייטן עפעס, וואס וועט זיין פאר אונדז א גרויסער סורפריז. מיר דערנענטערן זיך צו דעם עפעס און מיר דערזעען פאר זיך א הויכע פיר פיסיקע געביידע, וואס באוועגט זיך פאמעלעך און אויף זיין שפיץ זיצן איינגעבויט אין א ביידל א הייליקער סאנטא מיט א ווייסער בארד און זיין משמש פון פארנט.

מיר איז שוין אויסגעקומען צו זען עלעפאנטן אין פארשיידענע צירקן, אבער אזא גראמאדנעם עלעפאנט האב איך נאך ביז דאן ניט געזען. פון הינטן זיינען נאכגעפארן א פאר פורן געשפאנט צו אקסן וואס פירן שפייז פאר דעם גרעסטן עסער צווישן חיות. נעגי האט געבעטן דעם שמש, ער זאל אונדז דערלויבן נעמען בילדער פאר א ״בעבור שנדב״ פאר דעם הייליקן און זיי האבן מסכים געווען. די פראצעסיע האט זיך אפגעשטעלט און די קאמעראס האבן אנגעהויבן זשומען און פארצייכענען אויפן פילם די לעגענדארע באגעגעניש.

דאס שפרייזן זיי ערשט צו דעם טייך ״גאנגעס״ וואו זיי וועלן אנקומען אין חודש יאנואר. יעדן טאג דעקן זיי 7 — 6 מייל און רוען זיך אפ אין דערפער און אין שטעטלאך אדער אין אפענעם פעלד. אפפארנדיק נאך א שטרעקע פון א צוואנציק מייל דערזעען מיר ביים זייט פון וועג עטלאכע יונגע אינדיער און א גרויסן שווארצן בער טאנצנדיק אויף זיינע הינטערשטע פיס. איינער פון די אינדיער שפילט עפעס א מין רוסישע קאזאצקע און דער צווייטער ווייזט דעם בער מיט איין האנט עפעס א גוטן נאש און מיט דער אנדערער האנט, ווייזט ער אים וואס פאר א טאנץ ער זאל אויסטאנצן. מישקא קוקט אויפן מאכל און באלעקט זיך. ער טוט אונדז א בערישע טובה און צעהעצקעט זיך מיט זיין שווערלייביקייט אזוי ווי א גראבע מחותנתטע אויף איר מוזינקעס חתונה.

דער אינדיער רעכנט אונדז א רופע פאר א טאנץ, אזוי ווי אמאליקע כלי זמרים פלעגן נעמען פופצן קאפיקעס פאר א ספעציעלן טאנץ, וואס מען האט ביי זיי באשטעלט.

מיט דעם ענדיקט זיך ניט דעם אינדיערס פארשטעלונג, ער האט נאך ביי דער זייט א מאמע־מאנקי מיט דער קליינער מאנקעלע צוגעטשעפעט צו איר בויך און פאר א רופע קען זי אויך טאנצן. האבן מיר באשטעלט א ראמבא מיט א טשא־טשא און איין אינדישן טאנץ פאר דריי רופעס און איר האט באדארפט אנקוקן ווי די מאנקי טאנצט

און מאכט העוויות און די פיטשינקע האלט זיך אן מיט אלע פיר הענט אן דער מאמען זי זאל ניט אראפפאלן. איז כאטש איך האב שוין אזויפיל מאל געזען מאנקיס טאנצן אין די גרויסע האטעלן אין מיאמי און אנדערשוואו, איז דאסמאל געווען א סך אינטערעסאנטער. אויפן וועג פארן מיר פארביי שטעטלאך מיט גרויסע פאבריקן וואס זיינען אויפגעקומען דורך די צוויי פינף יאריקע פלענער, וואס די אינדישע זעלבסט־שטענדיקע מלוכה האלט אין דורכפירן.

אין סיקאנדרא, וואס ליגט פינף מייל אוועק פון אגרא שטייטביים וועג דער באוואוסטער מאוזאלעאום פון דעם עמפעראר אקבאר פון דער מאגהול דינאסטיע. דער הונדערט און פופציק אקער — גרינער פארק, וואס רינגלט אים ארום רופט זיך "באהיסטאבאד" און די חרובע הויכע ווענט שטייען נאך עד היום און צאמען ארום די הערלאכע געביידעס פון דעם מאוזאלעאום. די אויסקריצונגען אין גאלד ביי די אריינגאנגען דערציילן וועגן דער גרויסקייט פון מלך "אקבאר", וואס ביידע וועלטן זיינען באשאפן געווארן פאר זיין כבוד וועגן.

אין פארק לויפן ארום סטאדעס הערשן און ביים אריינגאנג לויפן אייך נאך צענדליקער מאלפעס און ווארטן איר זאלט זיי עפעס צו ווארפן אדער אנקארמענען פון האנט.

ארום צוויי אזייגער שטעלן מיר זיך אפ ביי א גאנץ שיינעם האטעל וואו מיר באשטעלן מיטאג. אין האטעל באגעגנט מען א סך אייראפייער און מיר הערן רעדן אין דער דייטשער שפראך. זיי, די דייטשן, פארגינן איך ניט אזא גרויסן פארגעניגן פון זען דעם גרויסן וואונדער, וואס הייסט "טאזש־מאהאל"

וועגן "טאזש־מאהאל" האט א שרייבער אמאל געשריבן; אז ווען אין אינדיע, וואלט מער גארניט געווען צו זען, ווי נאר דעם "טאזש־מאהאל" לוינט זיך נאך אלץ מאכן די לאנגע רייזע. "טאזש־מאהאל" איז די גרעסטע סערענאדע, וואס א פארליבטער קעניג מיטן נאמען שאה־דזשאהאן, האט אויסגעזונגען צו זיין געליבטער ווייב. דער שיינער "מומטאז־מאהאל" וואס איז אים געשטארבן אין עלטער פון 39 יאר. די גועסטע בוי־קינסטלער פון דעם מיטעלן מזרח, וואס האבן געשאפן אין אנהויב פון 16־טן יארהונדערט זיינען איינגעלאדן געווארן צוזאמען מיט די לאקאלע ארכיטעקטן אויסצוחלומען דעם אנדענק מאוזאלעאום נאך שאה־דזשאהאנס געליבטער ווייב.

"מאהאמאד איזא אפאנדי" פון טערקיי איז געווען דער הויפט ארכיטעקט פון דער וואונדערלעכער קונסט שטיק. צוואנציק טויזנט מענטשן האבן מיט זייער פאכמענישקייט און מיט זייער שווייס

אויפגעשטעלט די הערלעכע געביידע, וואס האט פאר יארהונדערטער פארכאפט דעם אימאזש פון פאעטן.

די געביידע איז געבויט פון קרישטאל, ריינעם מארבל און זיין "דאאום" איז באזעצט מיט טייערע שטיינער וואס גלאנצן אנטקעגן דער זון און שיינען ווי שטערן קעגן דער ליכט פון דער לבנה. די מאזאאיק קונסט פון יענער צייט איז ארייגעלייגט געווארן אין דער גאנצער הויך און ברייט פון דער געביידע אינווייניק און פון אויסן. די סימעטרישע מאָסן שטימען צום האר און איר שטייט פארגאפט און קוקט זיך צו צו דער אומגלויבלעכער פאכמענישקייט פון מענטשנס הענט.

פון דער גרויסער מארבל פלאטפארמע הויבן ארויס פיר ריזיקע קאלומס 162 פוס די הויך אינגאנצן פון מארבל מיט מאזאאישע באפוצונגען. די פיר שטיינערנע עדות שטייען אזוי דורך די 330 יאר און טאג איין טאג אויס, נאכט איין נאכט אויס האלטן זיי וואך איבער דעם זכר פון א ראמאנטישן מלך, וואס ליגטביים זייט פון זיין געליבטער מלכה.

אין אונטערשטן טייל פון "טאזש" שטייען אויף 2 נידעריקע מארבל פלאטפארמעס צוויי קברים אין שניי ווייסן מארבל ארנאמענטירט מיט טייערע שטיינער און אריינגעארבעט מיט דער שענסטער מאזאאיק. איין קבר איז פון מונטאז־מאהאל, געשטארבן אין 1629 און דער צווייטער איז פון עמפעראר שאהדזשאהאן וואס האט געווארט 37 יאר ביז 1666 צו דערגרייכן יענע וועלט, וואו עס רוט אין פרידן זיין מונטאז־מאהאל. פארלאזנדיק "טאזש־מאהאל" האב איך געפילט, אז איך האב געזען עפעס אן אנטפלעקונג, וואס איז שווער צו שילדערן אין ווערטער.

דורך אימאזש באנייט זיך דאס געזעגנע און איר דערזעט ווידער די טיף גרינע גראזן און די שיינע ביימער וואס וואקסן אין לעגענדארן פארק. איר דערמאנט זיך אין די לאנגע באסיינען מיט די פאנטאנען וואס שפריצן מיט וואסער אן אויפהער די בלומען פון אלע קאלירן, וואס פארשמעקן דעם ארום מיט זייער פארפיום אראמאט. אין קורצן קען מען זאגן "חלמא טבא חזית".

מיר באזוכן נאך עטלעכע היסטארישע פלעצער אין אגרא ווי דעם אגרא פארט וואס איז געבויט אין 1565. מיר קוקן ארום די שטאט און מיר פארן צום האטעל וואו מיר געזעגענען זיך אפ מיט "נעגין", וואס וועט נעבאך פארן אליין צוריק צו ניו־דעלהי און מיר וועלן נעמען דעם קליינעם עראפלאן וואס וועט אונדז ברענגען אין צייט פאר אוונט־ברויט אין אונדזער שיינעם האטעל אשאקא.

אין גאנץ אינדיע איז די וואך דער יום־טוב "ציוואלי". דער גרויסער פעסטיוואל פון ליכט, וואס דאס אינדישע פאלק פייערט איז אין אנדענק פון דעם גרויסן זיג וואס זייער פאלקס־העלד "ראמא" האט געהאט איבער דעם דעמאנישן קעניג "ראוואנא" פון "לאנקא". גאנץ אינדיע איז די וואך אילומינירט מיט מיליאנען ליכט און באזונדערס איז גרויס דער עפעקט אין ניו־דעלהי. אלע רעגירונגס געביידעס זיינען ארום געבונדן מיט טויזנטער עלעקטרישע לעמפלאך אין פארשידענע קאלירן און זיי קאנקורירן מיט דעם שיין פון דער לבנה, וואס זעט אויס בלאס אנטקעגן דער פארשידנארטיקער יום־טובדיקער ליכטיקייט. די ווענט פון די האטעלן זעען אויס, פון דערוויטנס, ווי איין שטיק פייער, וואס וויל באלייכטן א היסטארישע דאטע אין דעם לעבן פון א גרויסן פאלק.

דער יום־טוב "דיוואלי" איז זייער ענלאך צו אונדזער יום־טוב חנוכה סיי מיט זיין אינהאלט און סיי מיט זיין שטייגער פון פייערונג.ביידע פייערן דעם אנדענק פון א נצחון. ביי אונדז איז דאס געווען דער נצחון פון די חשמונאים איבער דעם מיליטער פון אנטיוכוס עפיפאנעס — און ביי זיי דער נצחון פון "ראמא" איבערן מיליטער פון ראוואנא לאנקא. איז כאטש, זיי האבן ניט געפונען קיין קריגעלע בוימל ביי ראוואנען אין טעמפל און זיי בענטשן ניט קיין אכט ליכטלעך רופן זיי דעם יום־טוב א יום טוב פון ליכט. ווייל ליכט האט נאר א באדייטונג אין באפרייאונג פון דעספאטיזם און אונטערדריקונג. א פאלק קען זען ליכט שיין, נאר ווען עס איז באפרייט. דעריבער דעקן דיוואלי און חנוכה אויך די לעצטע עפאכע פוןביידע פעלקערס זעלבסטשטענדיקייט.

אין אונדזער האטעל אשאקא טוט זיך היינטיקן שבת אוונט אויף טיש און אויף בענק. אלע גרייטן זיך צום גרויסן באל, , וואס ווערט געפייערט לכבוד דעם יום־טוב אין גראנדיעזן באנקעט־האל אויפן צווייטן פלאר.

די בעסטע נאציאנאלע מאכלים זיינען צוגעגרייט פאר דער סעודה און צוויי ארקעסטערס, וואס פארבייטן איינע די אנדערע שפילן אינדישע און וועלטלאכע טאנץ מוזיק.

רייכע אינדיאנער פאמיליעס אויסגעפוצט אין זייערע נאציאנאלע טראכטבאקליידונג, און באהאנגען מיט טייערע צירונג פון גאלד און בריליאנטן גיבן צו פייערלעכן קאליר צו דער יום־טוב אטמאספערע.

מיר עסן אזעלכע נייע מאכלים און מען האפט, אז דער מאגן וועט ניט רעוואלטירן קעגן זייער שארפקייט. א מאגן איז אבער א שכן

פון הארץ און דער שכן זאגט אונטער, אז מען קען ניט אפטאן אויף טערקיש צו מענטשן, וואס פרייען זיך מיט א פאלקס שמחה און געדענקען זייער אייגענע שמחה פון זעלבן אינהאלט.

עס ווערט פארגעשטעלט א הינדו־שאא מיט אלע זייערע נאציאנאלע אויסדרוקן און מאנירן. אין שפיל און אין טאנץ זיינען די באוועגונגען פון הענט און פינגער דער סימבאלישער אויסדרוק פון זאכן. א האנט נאענט צום הארצן דריקט אויס ליבע און די זעלבע האנט אפשפארנדיק די לופט אין פארנט פון זיך מיינט אוועקגיין.

וואס מער איר פארשטייט די סימבאלן, אלץ מער פארשטייט איר זייער קונסט. זייער מוזיק איז א מזרח אזיאטישע און א סך טענער זיינען נאענטע מקורבים מיט אונדזער מיטל מזרחדיקער יידישער מוזיק. ביים ענדע פון פריילעכן און אינטערעסאנטן באל, וואו מיר האבן געטאנצט ווי אויף א קרובישער שמחה האט דער ארקעסטער זיך צושפילט א "הבה נגילה". דאס איז געווען דער פריילעכסטער טאנץ, וואס אלע האבן אויסגעטאנצט. איך בין זיכער, אז וויייניק האבן געוואוסט פון וואנען עס שטאמט אזא ריטמישע מוזיק?

איז ניט וויסנדיק, האבן זיך פיס פון אייראפייער און אמעריקאנער און ספעציעל פון אינדיער געהויבן מיטן ניצוץ פון חסידות, וואס איז ארייגעוועבט אין דער מעלאדיע. שיכורלעך איז יעדערע געווען און שיכרות ברענגט אריין אין אן אנדער וועלט. האבן זיך פארלעך נאך מער געטוליעט איינע צו די אנדערע און האבן שיכורדיק נאכגעזונגען אין זייערע שפראכן "עורו אחים בלב שמח".

מיר זיינען צופרידן, וואס מיר האבן געלאזן נעגין פארן אליין מיט דעם אוטא און מיר זיינען געקומען אין צייט בייצוואוינען א שיינעם יום־טובדיקן באל אין ניו־דעלהי.

דעם לעצטן טאג אין ניו־דעלהי האבן מיר געלאזן פאר אפרו. דער האטעל פארמאגט אזא גרויסן פארק מיט די שענסטע בלומען פארזייט. גרינע לאנקעס מיט שיינעביימער שטייען גרייט פאר אייער באקוועמלעכקייט און צענדליקער טוריסטן צושפרייטן זיך ד'ארטן, ווי ביי זייער טאטן אין וויינגארטן.

דער גרויסער "סווימינג־פול" וואס באקומט זיין וואסער פון א פרישן קוואל אין דעם טיפן אינגעווייד איז פול מיט יונגע בחורים און מיידלעך און מיר לויפן ארום אנקוקן טעמפלען. טוען מיר זיך אן מיא מיאיש און האבן הנאה פון דעם פרישן ווינטל, וואס גלעט דעם קערפער מיט צארטער קילקייט.

נאוועמבער איז די בעסטע צייט צו באזוכן אינדיע. די טאג טעמפעראטור איז ארום 80 אין די אוונטן 65עס פאלט ניט קיין רעגן

אין די דריי חדשים נאוועמבער, דעצעמבער, יאנואר און די הימלען זיינען קלארע. די חדשים יוני, יולי, אוגוסט און סעפטעמבער האבן רעגנס פון דרייצן ביז אכצן טעג יעדער מאנאט.

האבן מיר הייסט דאס צוגעטראפן מיטן וועטער אויך. דערמאנט מען זיך. אז מיר האבן נאך ניט געזען די נייע אמעריקאנער אמבאסאדע, וואס איז געווארן א שם דבר אין דער גאנצער וועלט. כאפן מיר ארויף די הויזן און מען נעמט די קאמערא און מען לויפט זען דעם שטאלץ פון אמעריקעס אויסשטעל אין אזיע.

איז דאס טאקע א פראכט פון א געביידע, אויסגעפלאנט לויט דעם לעצטן ווארט אין מאדערניזם. א גרויסער פאנטאן אין דעם נייעם פארק, וואס שטייט אין פראנט פון אריינגאנג, גיסט אויס מיליאנען קיוב וואסער און דער אונטן זשליאקעט דעם וואסער צוריק אין זיינע געדערים און לאזט אים אן אן אויפהער שפריצן אין דער הויך. קוק איך אויף די הויכע וואסער שפריצן און קלער צו זיך: צי איז דאס ניט אמאל א סימבאל פון די הויכע צוזאגן, וואס מען גיט דעם אפגעשטאנענעם אינדישן פאלק, וואס רינט אויס ווי דאס וואסער דא?

אינעווייניק אין דער געביידע אויף דעם אונטערשטן עטאזש זיינען אין דער מיט פון פלאר אויסגעארבעט וואסער וועגן אין וועלכע עס טונקען זיך וואסער ליליס און פוןביידע זייטן איז נאך געבליבן גענוג פלאץ אויף צו קענען אריינקומען אין די ביוראען.

זיי האבן דארטן אויך א פולע אויסשטעלונג פון אמעריקאנער שאפונג אין אינדוסטריעלער דערגרייכונג און אויך אן אפטיילונג פון ליטעראטור און קונסט.

האבן מיר געוואלט וויסן, וואס טוען די רוסן: דערציילט טונדז אונדזער וועג-ווייזער, אז די רוסן בויען ערשט זייער א גרויסע אמבאסאדע און זי וועט ערשט זיין פארטיק דעם קומענדיקן יאר. בין איך א בעלן געווען א קוק טאן, וואס זיי סטראיען דארטן און האב געזען זייער א גרויסע געביידע, וואס האבן שוין וועגט, אבער עס איז שווער צו טרעפן, ווי זי וועט אויסזען? סיידן זיי זאלן אייך ווייזן די פלענער? מיר קומען אין האטעל און מיר נעמען זיך שרייבן בריוו צו אונדזערע קינדער און צו נאענטע פריינט, פון וועלכע מען איז שוין אוועק קרוב צו צוויי חדשים.

מיר זיצן אויף דער שיינער טעראסע וואס פירט ארויס פון אונדזער צימער און קוקן זיך גוט אן אויף די מיליאנען ליכט, וואס באלייכט ניו־דעלהי.

איך פארצייכן איינדרוקן, וואס איך וועל האבן צו געדענקען אין פרייע מאמענטן, ווען דער געדאנק איז ניט פארנומען מיט דער פשוטער רעאליסטיק פון טאג טעגלאכן לעבן.

מיר שלעפן ארויס די וואליזעס און צום ניינטן מאל פאקן און אויספאקן, גייט שוין די מלאכה ווי א מזמור. מיין פרוי בעט אויס א גוטן געלעגער פאר אונדזער סאמאוואַרטשיק אין איר גרויסן לעדערנעם האנט־בייטל, ער זאל חלילה ניט קריגן א קלאפ ערגעץ ניט ווילנדיק. אלץ איז גרייט פאר אונדזער מארגנדיקער רייזע קיין קאלקוטא.



# קאלקוטא

קאלקוטא איז ניט קיין אלטע שטאט אין דער פראווינץ פון בענגאל. זי איז געגרינדעט געווארן אין יאר 1690 דורך איינעם א "שארנאק" פון דער דעמאלסטיקער "ענגלישער מזרח אינדישער קאמפאני". די ענגלישע קאמפאני, וואס האט צוביסלעך ארויסגעשפארט די פראנצויזישע און האלענדישע האנדעלס געזעלשאפטן פון אינדיע האט אין די צייטן פון מלך "אקבאר" אפגעדונגען דעם דארף פאר זייערע געשעפט טראנזאקציעס. די ערשטע עטלאכע און פופציק יאר האט די געזעלשאפט אויסצושטיין א סך אנפאלן פון די מאהאראטאס און האבן די געגנט געמוזט אויפגעבן.

קאלקוטא איז א מיליאניקע שטאט און זינט פאקיסטאן האט פארטריבן אירע ניט מוסולמענישע איינוואוינער, איז קאלקוטא פארפלייצט געווארן מיט נאך א מיליאן און א האלב היימלאזע, וואס האבן ניט קיין דאך איבערן קאפ. די גרויסע מאסן היימלאזע זיינען א צוגאב צו די הונדערטער טויזנטער דאכלאזע מענטשן, וואס האבן נאך פריער קיינמאל ניט פארזוכט דעם טעם פון אהיים.

קאלקוטא ציילט ביים היינטיקן טאג א פינף מיליאניקע באפעלקערונג ניט אריינרעכנענדיק די טויזנטער בהמות וואס וואנדערן פריי אין אירע גאסן.

דער אייראדראם אין קאלקוטא שוויבלט מיט מענטשן. די באלויכטונג איז ניט קיין שטארקע און צענדליקער אינדישע מענער ווילן אייך ארויסהעלפן מיטן באגאזש.

דער נאמען פון דעם "אייר־פארט" איז "דומדום" און איר קריגט עפעס א מאדנעם געפיל, ווען איר לייענט איבער דעם נאמען. "דומדום" איז א גיפטיקע קויל, וואס איז גענוצט געווארן אין דער ערשטער מלחמה און האט געמאכט זיינע קרבנות אומהיילבאר. צו וואס מען האט אויסגעקליבן דעם נאמען? ווייס איך ניט אפשר איז

דאס צוליב די אומהיילבארקייט פון די מיליאנען אינדיער פון זייערע אבערגלויבנס און פון האפנונגסלאזיקייט.

די רייזע צום צענטער פון שטאט וואו עס שטייט דער גראנד־האטעל איז א לאנגע. עס איז ניט אזוי צוליב דער ווייטקייט, ווי צוליב דער שטארקער ענגשאפט אין די ארעמע גאסן, וואו טויזנטער מענטשן און בהמות פלאנטערן זיך אונטער די פיס און פארהאלטן דעם גאנג פון אונדזער באס. אין איין פלאץ האבן מיר געמוזטווארטן א האלבע שטונדע, ביז עס איז דורכגעגאנגען א רעליגיעזער פאראד מיט מוזיק און טויזנטער זיינען געשטאנען און געקוקט. עס איז געווען ארום עלף אזייגער אין אוונט און די באוועגונג איז געווען פון אינמיטן טאג. דורכפארנדיק ווי ניט ווי די טומלדיקע געגנט, זיינען מיר דורכגעפארן גאסן, וואו די טראטוארן זיינען געווען באלייגט מיט טויזנטער איינגעוויקלטע פעקלאך אין שמאטעס, וואס האבן אמאל געמוזט זיין ווייס. אין די פעקלאך זיינען געלעגן איינגעקארטשעטע קערפערס פון היימלאזע מענטשן, וואס דער טראטואר איז זייער בעט און דער דאך איז דער הימל.

קיינער דארף זיי ניט אט די מענטשן פליגן, וואס ליגן פארשטומט אין דער אפענער גאס. זייערע איינציקע פריינט, זיינען די שטומע קי, וואס שטייען ביים זייט און קוקן זיך צו צו דער גרויסער געשטראפטקייט פון דעם בחיר היצורים. זיי די שטומע צינגער האבן עפעס אמאל יא געהערט פון א פסוק אז "ומותר האדם מן הבהמה אין", אבער, אז בהמות זאלן זיין מער יחסנים פון אן אדם, איז ערגעץ געמאכט געווארן א טעות אין פסוק. שטייען זיי און מעקען אויס דעם צער אויף דער מענטשלאכער מערכה.

דער האטעל גראנד איז א גרויסער האטעל געבויט ווי א שלאס־מעם און אין שלאס־מעם שטייט א שיינער גארטן מיט אן אפענעם פלאץ צו טרינקען און טאנצן. שפילט די מוזיק טאנץ מעלאדיעס און פארלעך דרייען זיך צום ריטם פון די מוזיק.

אונדזער צימער איז "אייר־קאנדישנד" און גאנץ באקוועם. לייען איך די רעגולאציעס פון האטעל און דערוויס זיך, אז די וואסער פון קראן טאר מען ניט טרינקען און מען בעט אייך איר זאלט גוט פארשליסן טיר און פענצטער ווען איר גייט שלאפן. מילא, מיט די וואסער האט מען זיך אן עצה געגעבן מיר האבן געטרונקען ביר און די ציין האבן מיר געוואשן מיט "סקאטש וויסקי". אבער מיט די טיר און פענצטער האב איך שוין אביסל מורא. האב איך גוט צוגעשלאסן דעם פענצטער מיט די גראטעס און צוגעשפארט דעם קאמאד מיטן הויכן שפיגל צום סאמע פענצטער און צום טיר האב איך צוגעשפארט דעם שווערן דעסק און מיט אביסל קריאת־שמע אין מויל, זיינען מיר

געגאנגען זיך אויסרוהען. אין קאלקוטא האב איך דעם אדרעס פון ד״ר לעאן תיקף און זיין פרוי נעלי.

פון ישראל האט דעם פרעזידענטס אדיוטאנט יוסף כרמל און זיין פרוי שילא, מיט וועלכע מיר זיינען זייער באפריינדעט געווארן — געשריבן צו עטלאכע מענטשן אין אינדיע און אין אנדערע מקומות — וועגן אונדזער באזוך דארטן.

נאך זייענדיק אין דעלהי האב איך זיך פארשטענדיקט מיט ד״ר תיקף אויפן טעלעפאן און ער האט מיר געבעטן אים אפקלינגען באלד נאך מיין אנקומען אין קאלקוטא. נאכן פרישטיק אין האטעל האב איך אפגעקלונגען צום ד״ר תיקף און ער איז טאקע תיכף געקומען. די תיכף געשיכטע גייט צוריק צו לובלין, וואו ער איז געבארן געווארן מיט 50 יאר צוריק.

ער האט שטודירט אין דער שווייץ און אויסגעשטודירט אויף דאקטאר. זיין ספעציאליטעט איז אויגן דאקטאר און ערשט פארמאגט ער אן אויגן קליניק אויף דעם ״שאארינגהי״ בולוואר אין דעם שענסטן געגנט פון שטאט. ער איז פארהייראט צו א שווייצארערין, ניט פון אונדזער גלויבן און האט א זון, וואס שטודירט אין דער שווייץ.

ד״ר תיקף און זיין פרוי נעלי, זיינען די פירער פון דער קהילה און זיי זיינען פון די איבערגעבליבענע עסקנים אין לאקאלע און ציוניסטישע אונטערנעמונגען. זיי זיינען שוין עטלאכע מאל געווען אין ישראל און דעם יאר, איז נעלי דארטן געבליבן פאר זעקס חדשים, כדי צו לערנען עברית אין אן אולפן. קענט איר שוין וויסן, ווי אפצושאצן א שווייצאריש — יידישע נשמה? ד״ר תיכף איז געקומען מיט זיין קאר אן נעלין (זי איז געווען פארנומען) און נאכדעם ווי ער האט מיר איבערגעגעבן די ראשי פרקים פון זיין אייגענער געשיכטע און אביסל פון דער יידישער געשיכטע אין קאלקוטא, זיינען מיר ארויסגעפארן אנקוקן די שטאט.

די שטאט איז א גרויסע און ניט קיין אלטע. זי פארמאגט עטלעכע שיינע בולווארן און גרויסע פארקן. דער גרויסער נאציאנאלער פארק אין מיטן שטאט פארנעמט מער ווי צוויי הונדערט אקער לאנד און טיילט אפ די שטאט פון דער אמאליקער ענגלישער פעסטונג ״פארט וויליאם״ וואס שטייט ביים טייך ״הוגלי״.

די אמאליקע מושלים זיינען ווייזט אויס, קיינמאל ניט געווען אזוי זיכער מיט זייער געוועלטיקן, האבן זיי שטענדיק געזוכט א וועג צו זיין וואס מער דערוויטערט פון געדיכטע באפעלקערונגען וואס קענען אמאל ארויסשפרינגען פון די האלאבליעס. שטייט ער אזוי דער ״פארט וויליאם״ איזאלירט, מיטן פנים צום פארק און מיט זיין הינטן

צום ברייטן טייך און ער דערציילט פון די אפטע בריוו מיט אינסטרוקציעס, וואס זיי פלעגן קריגן צוגעשיקט פון לאנדאן, אזוי צו זאגן: זייט ניט צו שטרענג מיט די אונטעריאכטע מענטשן־מאסן, אבער שיקט א סך געלט, ווייל מיר דארפן אויף שבת.

ביי דער לינקער זייט פון פארק שטייט א הערלעכע געביידע אינגאנצן פון ווייסן מארבל. דאס איז דער "וויקטאריא מעמאריאל" וואס איז געבויט געווארן צווישן 1906 און 1921. א קליינע אזיערע ארום דער געביידע און דורך דער רעפלעקציע אין וואסער זעט איר צוויי ווייסע גרויסע פאלאצן שטייענדיק איינער מיטן קאפ ארויף און דער צווייטער מיטן קאפ אראפ. אין דעם "וויקטאריא מעמאריאל" איז אויפגעזאמלט די בעסטע קונסט ווערק פון אינדישן פאלק און זיינע ווערטפולסטע היסטארישע אנטיקן.

ביים זייט פון דעם "וויקטאריא מעמאריאל" שטייט פעסט איינגעבויט דער "סט פאולס" קאטעדראל — א קאפיע פון דעם לאנדאנער קאטעדראל, וואס איז באשעדיקט געווארן דורך די דייטשע באמבעס.

דער דזשענעראל פאסט אפיס איז א שיינע ווייסע געביידע זייער א גרויסע, מיט א גרויסן דאאום די מאס פון א גאנץ שיינער געביידע אין דער הויך. אזא געביידע איז מער פאסיק פאר א מיניסטעריום ווי פאר א פאסט געביידע, אבער, אז אזוי האבן זיי געוואלט זאל דאס זיין, בין איך אויך מסכים.

אין פארק שטייט זייער א הויכער מאנומענט 170 פוס די הויך נאך איינעם "אקטערלאני". האב איך שוין פארגעסן, וואס זיינען געווען זיינע פארדינסטן, אז מ'זאל אים שטעלן אזא שיינע מצבה אין שענסטן פלאץ פון שטאט. אין פארק זעט איר הונדערטער מענטשן. אויסגעלייגט אויפן גראז און סטאדעס קי שניידן אפ דעם גראז מיט זייערע ציינגער. מיר פארן פארביי א סך גאסן און זעהען די שיינע געביידעס אויף די ברייטע גאסן, ווי דער "בראבאארן ראוד" און דער "נעטאזשי־סאבהאס" ראוד.

אט די אלע שיינע גאסן מיט די ברייטע בולווארן זעט מען נאר אין צענטער פון שטאט.

פארט איר אוועק פון צענטער שטאט, וואקסט אויס פאר די אויגן אזא גרויסע ארעמקייט, אז אויב מען וועט אמאל דורכפירן א קאנטעסט, וועלכע שטאט אין דער וועלט פארמאגט מער ארעמקייט? וועט קאלקוטא געווינען דעם ערשטן פרייז.

קאלקוטא פארמאגט דעם גרעסטן מארקעט פלאץ אין אינדיע. ער איז א סך גרעסער און שענער ווי דער מארק וואס מיר האבן געזען אין טעהעראן.

דאסז זיינען געביידעס וואס ציען זיך פאר טויזנטער פוס אין דער לענג און דער ברייט אין אלע בראנזשעס האבן דארטן זייערע געשעפטן.

געפינט איר דארט לאנגע רייען פון געשעפטן פון זילבערנע כלים און גאלדענע כלים, קליידונג און עסנווארג, אינדישער זייד און "סארריס" אפילו בלומען און וואליזעס קענט איר דארט אויך קויפן.

די מלוכה גיט אויף דעם אכטונג און עס זעט אויס צו זיין ריין. ד"ר תיקף האט אונדז פארגעשטעלט צו א יידישן הענדלער, וואס האט דארט א זילבער געשעפט. ער איז א באגדאדער ייד, וואס רעדט א ספרדישן עברית.

אין קאלקוטא וואוינעןביים היינטיקן טאג ארום א 1500 יידישע נפשות. דער גרעסטער טייל פון זיי זיינען פון איראק און פארנעמען זיך מיט מסחר. זיי פארמאגן א שיינע שול אין צענטער פון שטאט אויפן נאמען פון דעם גרויסן יידישן גביר ר' דוד ששון ע"ה, דער נאמען פון דער שול איז "מגן דוד". דער נאמען פון דער משפחה סאסון איז פאר לאנגע יארן געווען באוואוסט אין דער יידישער וועלט. אבער אין אזיע און אין מיטעלן מזרח האט מען זיך געגרויסט מיט דעם נאמען סאסון, אזוי ווי די אייראפעאישע יידן האבן זיך געגרויסט מיט דער משפחה ראטשילד.

די סאסונס מיט זייער גרויס עשירות האבן געפירט שטרענג יידישע היימען. האבן געבויט שולן און תלמוד תורה'ס און שפיטאלן און האבן געשטיצט נויט באדערפטיקע. די משפחה סאסון זיינען געקומען אין באמביי — אינדיע פון באגדאד, און דא זיינען זיי נתעשר געווארן.

די צווייטע נגידישע פאמיליע אין אינדיע, איז געווען די עזרא פאמיליע, וואס האבן אויך אויסגעבויט א שול אין קאלקוטא און די שול הייסט "נוה שאנן"

די צוויי משפחות האבן זיך משדך געווען צווישן זיך און די טאכטער פון א סאסון איז געווארן "ליידי" עזרא. די געשיכטע האט אונדז ד"ר תיקף דערציילט, ווען מיר זיינען געפארן באזוכן די ווילא, וואו עס האט געוואוינט ליידי עזרא.

אט די אינטערעסאנטע יידישע פרינצעסין, איז אלס יונגע מיידל אויפגענומען געווארן ביי דער קעניגין וויקטאריא און נאך לאנגע

יארן פון וואווילטעטיקער ארבעט איז זי באקרוינט געווארן מיטן טיטול "ליידי". איר ווילא איז געווארן דער סאלאן פון דיפלאמאטן און קינסטלער. די בעסטע אינטעלעקטועלע געזעלשאפט האט זיך באגעגנט אין אירע סאלאנען.

דאס האט איר ניט געשטערט צו האבן אן אפענע הויז פאר יעדן יידשן באזוכער אין קאלקוטא און די פרייטיק צו־נאכטן איז איר שבתדיקער טיש געווען באזעצט מיט אורחים פון דער פרעמד און מיט אייגענע פון איר שטאט

ליידי עזרא׳ס סדרים זיינען געווען גרויסע באנקעטן אויפן שטייגער פון עשירות און אויך ארעמע זיינען געזעסן ביי אירע טישן.

מיר האבן שפאצירט אין הויף און באטראכט די שיינע באלקאנען פון וועלכע עס האט גאר ניט אזוי לאנג צוריק, אראפ געקוקט, די איידעלע יידישע אריסטאקראטין ליידי עזרא.

איך האב אנגעהויבן נעמען בילדער, איז צוגעקומען א פיינער אינדיער און האט אונדז אויפמערקזאם געמאכט, אז דאס איז א מלוכה לאבאראטאריע און עס איז שטרענג פארבאטן צו נעמען בילדער. איך ווייס פון אן אנדער לאנד, וואס פאר אזעלכע זאכן קריגט מען אומזיסטע קעסט און מען נעמט א וואקאציע פאר א שטיק צייט. דא האט ער אפילו די פילם ניט געהייסן ארויסנעמען, אפשר ווייל ער האט ניט געגלויבט, אז איך האב שוין גענומען אביסל בילדער?

מיר באזוכן עטלעכע טעמפלען פון וועלכע דער דזשעין טעמפל איז דער אינטערעסאנטסטער. ד״ר תיכף פירט אונדז צוריק צו אונדזער האטעל, וואו ער גיט אונדז איבער נאך מער פרטים פון דער יידישער כראניק אין קאלקוטא. אין קאלקוטא וואוינט א רייכע יידישע משפחה דזשייקאבס. זיי פירן אן מיט ריזן געשעפטן אין לאנד אין שותפות מיט זייער שוואגער הער אליאס.

יוסף כרמל דעם פרעזידענטס אדיוטאנט האט געשריבן פון ישראל, צו די הערן דזשייקאבס און אליאס אין דער זעלבער צייט, ווען ער האט געשריבן צו ד״ר תיכף וועגן אונדזער באזוך אין קאלקוטא. פון ד״ר תיקף האבן מיר אויסגעפונען, אז זיי זיינען פאררייזט אין לאנדאן געשעפטלעך. מיר האבן שטארק באדויערט, וואס מיר האבן ניט געקענט באגעגענען די אינטערעסאנטע משפחה אין קאלקוטא.

אינדיע, וואס איז האלב די גרויס אין שטח ווי די פאראייניקטע שטאטן מיט א באפעלקערונג פון צוויי מאל אזוי די גרויס האט ניט קיין פלאץ פאר אירע טויטע אין איר ערד. זיי האבן געמוזט אויפגעבן די פאראָרדענונג אין חומש "כי מעפר אתה ואל עפר תשוב". און זיי

פארברענען זייערע טויטע אויף דינעם אש. פאר עמפעראַרס און מאהאראדזשעס און אנדערע שררות געפינט מען נאך יע אביסל פלאץ פאר גרויסע דענקמעלער. זיינען מיר צומארגנס געפארן זען ווי א פאלק געזעגנט זיך מיט זיינע טויטע און וואו דער אינדיער קומט אןביים סוף פון זיין לעבן.

דער קרעמאטאריום געפינט זיך אין א הויכער אלטער געביידע ביים ברעג פון טייך. אין פלאר פון דער געביידע זיינען פון אספאלט אויסגעגאסן נידעריקע פארמעס פון א פיר פוס די לענג ביי צוויי א האלב פוס די ברייט דאס זיינען די מזבחות אויף וועלכע מען לייגט ארויף די טויטע. פון אויבן ווערן אנגעלייגט דינע שייטלעך פון טרוקן האלץ און אונטן זעט זיך ארויס בינטלעך שטרוי.

ווען דער ווינט בלאזט אויף דעם פייער, ווערט פון די שייטלעך האלץ א העליש שטיק היץ וואס פארצוקט און פארברענט הויט אוןביינער אין א קורצער צייט. ווען איך בין דארט געווען האבן זיך פיר קערפערס געבראטן אין א גיהינום־דיקן פלאם.

נאענט צו די מזבחות זיינען געשטאנען די נאענטע משפחות פון די טויטע און האבן זיך צוגעקוקט מיט א מאדנער רואיקייט צו די פלאמען, וואס פארברענען זייער נאענטן. קיינער פון זיי האט ניט פארגאסן קיין טרער, קיינער האט ניט געוויינט אויפן קול, צו באקלאגן די ענדע פון א לעבן. אפשר איז דאס דערפאר וואס זיי גלויבן, אז דאס איז דער אנהויב פון א נייעם לעבן אין א וועלט וואו עס גילט ניט דער פסוק ״בזיעת אפיך תאכל לחם״. איך האב זיך געוואונדערט, ווי אזוי איז דאס מעגלעך, אז איך זאל קענען שטיין און צוקוקן צו אט דעם שוידערלעכן ספעקטאקל? ווען איך קען אפילו ניט זען ווען עמיצער צושניידט א פינגער. דער ענטפער איז; די קאלטבלוטיקע רואיקייט פון די ארומיקע, וואס ווייזן ניט ארויס קיין סימן פון טראגישער איבערלעבונג.

ווען דאס פארברענונג איז פארענדיקט, באקומט די משפחה דאס ביסל אש און פארשפרייט דאס אין די וואסערן פון טייך, וואס פליסט צום טייך ״גאנגעס״. דער געזעץ איז, אז מען טאר ניט נעמען קיין בילדער פון דער פראצעדורע, אבער אז די קרובים זיינען מסכים קען מען עס טאן. אונדזער ״גייד״ האט אפגעמאכט א פרייז מיט די משפחות און איך האב גענומען בילדער. איך האב זיי, אט די בילדער פון ״מי באש״ צווישן די אנדערע פילמען וואס איך האב אנגענומען אויף אונדזער רייזע. דעם פרייז, וואס ער האט געמאכט, איז געווען 5 רופעס צו א משפחה. צוזאמען 20 רופעס 5 דאלאר אין אונדזערע געלט. די סומע איז געווען א גוטער צושטייער פאר די שייטלעך

האלץ, וואס די משפחה האנדלט איין אין דערבייאיקן מאגאזין, וואס פארקויפט די ברען מאטעריאלן.

ארויסקוקנדיק צום טייך, וואס שטראמט ביי דער קרעמאטאריע האב איך געזען א סך אינדיער זיך באדן נאענט צום ברעג, אזוי ווי עס וואלט גארניט געווען. דעמאלט האב איך פארשטאנען אביסל אנדערש, וואס עס האט געמיינט דער מחבר, ווען ער האט געשריבן "מי באש ומי במים". פון דארט זיינען מיר געפארן צו דער בית־אל סינאגאגע. נאך אזא איבערלעבונג ווילט זיך געפינען א שוץ צווישן ווענט פון א מקום קדוש.

דער ראביי א געבוירענער קאלקוטער, וואס האט געלערנט אין סעמינאר אין ניו־יארק איז ניט געווען. צווי יידן איינער פון זיי דער שמש האט אונדז אויפגענומען און ארומגעפירט ווייזן די שול. זיי פארמאגן אויך א תלמוד־תורה, וואו זיי ברענגען די קינדער מיט א באס. זיי רעדן עברית און אביסל ענגליש. די קינדער לערנען תפילה און יידישע געשיכטע און עברית. דער באזוך אין שול האט אונדז אביסל סטימולירט און צוריקגעבראכט צו רעגולערער שטימונג.

אין האטעל געפינען מיר א ביסל צושטרייאונג. מענטשן קומען און גייען און די באוועגונג צעמישט אביסל דעם געדאנק און מאכט אים פארגעסן אן דעם שווערן איינדרוק וואס פרעסט אויף אים און דערדריקט אים. דער געדאנק צאפלט אויף און פארשלעפט אייך צו מאידאנעק און אוישוויץ און בערגען בעלזען דא טוט מען דאס צו טויטע, וואס סוף כל סוף איז שוין זיי אלץ איינס. אבער דארטן?...

די נאכט איז אדורך אין א שרעקלעכן קאשמאר ברענענדיקע יידן אין ווייסע קיטלען טאנצן א קאראהאד און זינגען... שומר ישראל שמור שארית ישראל, ואל יאבד ישראל, האומרים שמע ישראל.

לענגער האבן מיר ניט געוואלט פארבלייבן אין קאלקוטא. איך האב גאנץ פרי געמאכט רעזערוואציעס פאר אונדזער פלי קיין באנקאק און ארום 9:30 אזייגער פארלאזן מיר קאלקוטא אויפן וועג צו סיאם.



# באנקאק

דער דזשעט אייראפלאן וואס פירט אונדז, צו דרום מזרח אזיע איז פון דער אויסטראלישער פל-געזעלשאפט "קוואנטאס". ער טראגט זיך מיט א שנעלקייט פון אריבער פינף הונדערט מייל א שעה און זיין "הייוויי" איז 34 טויזנט פוס אין דער הויך.

די ספערע איז א קלארע און א דורכזיכטיקע אן א שטיקל וואלקן. מען זעט פון אויבן טייכן און טייכלעך און גאר שמאלע טייכן א סימן, אז מיר פליען צום ים. ווי אין פסוק שטייט "כל הנהרות ילכו אל הים". מיר פליען איבער וואסער, וואס איז אזוי בלוי ווי דער הימל און עס הויבט זיך אן דוכטן, אז דאס קוקט מען אויפן הימל פון דער הויך אראפ. דאס פליען מיר איבערן "ביי אוו בענגאל" וואס איז א טייל פון אינדישן אקעאן.

איבער פליענדיק דעם וואסער טייל אנטפלעקט זיך פאר די אויגן א גרינער ים פון מיליאנעןביימער, וואס פון אויבן זעען זיי אויס ווי גרויסע שטייענדיקע כוואליעס דאס איז דער דזשאנגל פון בורמא. דער קאפיטאן הייסט אונדז אראפקוקן אויף א שמאלן שנירל, וואס שניידט דורך דעם דזשאנגל דאס איז דער "בורמא ראוד", וואו א יוגנט האט זיין בלוט געלאזן. ער ווייזט אונדז אן אויף א שטאט, וואס שטייט ביים זייט פון דזשאנגל אזוי ווי א אאזיס אין א גרויסן מדבר, דאס איז די שטאט ראנגון, וואו די בורמעזער האבן מיט א פאר וואכן צוריק אויפגענומען אזוי פייערלעך אונדזער פרעזידענט פון ישראל מיט זיינע באגלייטער. עס איז דא עפעס געמיינזאמעס אין דער נייער געשיכטע פון ביידע פעלקער. ביידע האבן געוואונען זייער פרייהייט און זעלבסטשטענדיקייט דורך א "בורמא ראוד". איינער אין דזשאנגל, דער צווייטער אויפן וועג קין ירושלים.

דער פילאט ציט איין די צוים פון זיין מעכאנישן פערד און צו ביסלעך טאמעוועט ער אים איין, אין זיין שנעלקייט, ביז ער שטעלט זיך אין פראנט פון א גרויסער און שיינער געביידע דער פלי פלאץ אין באנגקאק. אראפשטייגנדיק פון אייראפלאן גיט א זעץ אין פנים א

נאסע היץ, וואס דרינגט דורך די קליידער און לייגט זיך ווי א טוי אויפן פעלד אין די שפעט זומערדיקע פארנאכטן.

מיר לאזן זיך פארן אין שטאט, וואס ליגט אוועקגערוקט 19 מייל פון דאנען.

אלץ ארום איז שטארק גרין און נאס און שמאלע וואסער־קאנאלן ציען זיך פון ביידע זייטן וועג ביז אין שטאט אריין. דער שאפער דערקלערט אונדז, אז דאס זיינען די איריגאציע קאנאלן וואס באוואסערן די רייז פעלדער ארום. טיילאנד איז די דריטע רייז פראדוצירנדע לאנד אין דער וועלט און אזוי ווי רייז וואקסט נאר אונטער א דינעם שיכט פון וואסער, זעט מען אומעטום גרינע פעלדער מיט דינעם צודעק פון וואסער.

דער האטעל "אריענטאל" וואו מיר זיינען פארפארן, איז אינגאנצן א נייער און ער פארמאגט די לעצט איינריכטונגען ארײנגערעכנט "אייר־קאנדישאנינג". אין ערגעץ איז די באקוועמלעכקייט אזוי אנגעלייגט, ווי דא אין באנקאק. כאטש נעם און זעץ זיך אוועק אין צימער פאר 5־6 טעג און פאר ווייטער.

וויל מען דאך אבער זען די וועלט, נו, דארף מען אביסל אונטערשוויצן.

אין דער ישראל לעגאציע אין באנגקאק ווייסט מען וועגן מיין באזוך אן טיילאנד. דאס האבן שוין באזארגט יוסף און שילא כרמל. דער הויפט פארטרעטער פון דער לעגאציע איז מרדכי קידרון, דער פריערדיקער אסיסטענט צו אבא איבן אין וואשינגטאן. איך קלינג אן אין דער לעגאציע און געפין אויס, אז קידרון איז אפגעפארן אין האנג־קאנג וועגן א מלוכה ענין.

שאול קריב ערשטער סעקרעטאר פון דער לעגעציע, ווייס אויך וועגן אונדזער קומען און ער לאדט אונדז איין אין דער לעגעציע. די נאכמיטאג שעה איז שוין געווען שפעט פאר א באזוך האב איך אים איינגעלאדן צו זיין אונדזער גאסט פאר אוונטברויט און אויב ער איז א פארהייראטער, וועלן מיר זיין זייער צופרידן צו באקענען זיך מיט ביידן.

ער האט מיט פארגעניגן אנגענומען אונדזער איינלאדונג און אכט אזייגער זיינען זיי געקומען אין אונדזער האטעל. די קריבס זיינען נאך גאר יונגע מענטשן אין די ערשטע דרייסיקער און זיינען פארהייראט ארום 5־6 יאר. ווען זיין פרוי רות האט אונדז דערזען האט זיך זיך קוים געקענט באהערשן. רות האט געארבעט אין ישראל קאנסולאט אין מאנטרעאל בימי גולאן און זי קען אונדז פון דארטן.

ערשט זעט איר שוין וואס פאר א קליינע וועלטל דאס איז? אונדזער האטעל שטייט ביים סאמע ברעג פון דעם גרויסן טייך וואס שניידט דורך די שטאט. דער נאמען פון דעם טייך איז טוענאם פאא־טשוט.

אויפן "רוף גארדן" פון האטעל "אריענטאל" געפינט זיך דער גרויסער רעסטאראן "נארמאנדי". פון עלפטן שטאק קוקט מען אראפ אויף די הונדערטער שיפן און שיפלאך וואס שווימען איבערן טייך און ווינקען מיט זייערע פייערלעך פון ווייטן ווי די פייער פליגן אין א הייסער זומער נאכט. מיר באשטעלן א פליישיקן מאלצייט, אזא "שאטאברייאן" פאר פיר מענטשן איז א האלבער אקס. אין דער געשיכטע פון סטייק עסעריי האבן מיר נאך אזעלכעס ניט געזען.

אין בוענעס־איירעס זשאלעוועט מען אויך ניט קיין פלייש, אבער דא איז דאס א "סיר הבשר" פון "שור הבר". א שעה מיט א האלב האבן מיר געארבעט אויפן סטייק וואס איז געשטאנען אויף א פייערדיק אויוועלע, ביז מיר מענער האבן אים בייגעקומען. די ווייבלעך האבן אלץ געטאן און עס האט ניט געהאלפן.

די קריבס גיבן אונדז איבער אביסל פון דער יידישער כראניק אין באנגקאק און פון דער "גודוויל ארבעט וואס די לעגאציע פירט אן לטובת דער מדינה. מיר פארן ארויס מיט קריבס אויטא באקוקן די שטאט און איר נאכטיקן אויסזען און מיר שטעלן זיך אפ ביים שיינעם האטעל "עראוואן" אביסל אוועק פון צענטער שטאט. אין "עראוואן" האטעל צושמועסן מיר זיך מיט אן אמעריקאנער פארל פון לאנג־איילאנד. זיי קומען ערשט פון האנג־קאנג און זיי דערציילן זיך אן אזעלכע גליקן פון דארטן, אז כאטש נעם לאז שוין איבער באנגקאק און פאר גלייך קיין האנג־קאנג. ער האט דארט פאר זיך אליין געמאכט בסך הכל 30 סוטס און אויב איך וויל א גוטן שניידער און ביליק זאל איך, למען השם, גיין נאר צו וויליאם היו.

נו, דאס איז דאך עפעס טאקע צוגעשיקט פון אויבערשטן אליין: א דאנק גאט פאר דעם חסד! האב איך שוין א שניידער. צי וועל איך אויך מאכן פאר זיך 30 סוטס? ווייס איך נאך דערוויל נישט. איין סוט וועל איך איה"ש באשטימט מאכן.

אין באנג־קאק וואוינט שוין פאר די לעצטע עטלעכע און צוואנציק יאר די פאמיליע פון ד"ר יאקאבסאן פראנס. אליין א געבארענער אין בערלין, וואו ער האט געענדיקט מעדיצין, האט ער זיך דארט ספעציאליזירט אין אויגן קראנקהייטן. געהייראט האט ער א דייטשקע, וואס האט אין אירע יונגע יארן געלערנט אין מק׳גיל אוניווערסיטעט. ווען די נאצי פארטיי האט אנגעהויבן קוקן קרום אויף

די געמישטע הייראטן, זיינען זיי אנטלאפן פון דייטשלאנד אין 1934 און זיך באזעצט אין "אדיס אבאבא" עטיאפיע.

שפעטער מיט א פאר יאר האט זיך מוסאלינין פארוואלט אויפבויען א נייע אימפעריע פאר רוים און ער האט זיך אוועקגעלאזן איינעמען די לאנד פון מלכת־שבא. ד"ר יאקאבסאן, האט ניט געהאט קיין צופיל צוטרוי צו היטלערס שותף. האט ער געכאפט זיין דייטשקע און איז מיט שווער־רייכטן אנגעקומען קיין ישראל. ניט האבנדיק קיין ריכטיקן פאספארט אויף פארן ווייטער, האט אים די יידישע אגענץ ארויסגעהאלפן צו קריגן פאלעסטינער בירגערשאפט און דאן איז ער מיט זיין יונגער פאמיליע פארפארן אין דער הויפט שטאט פון סיאם.

אין באנגקאק האט ער געעפנט אן אויגן קליניק וואו ער פראקטיצירט ביז היינטיקן טאג.

אויס דאנקבארשאפט צו דער יידישער אגענץ פאר איר הילף, איז ער געווארן דער ישראל פארטרעטער אין סיאם נאכדעם ווי ישראל איז געווארן א מדינה. אבער אויך פאר דער מדינה'ס אויפקום, איז ער געוועזן דער זאמלער פארן קרן היסוד.

אט די אלע איינצלהייטן האט אונדז איבערגעגעבן ד"ר יאקאבסאן אליין. ד"ר יאקאבסאן האט אויך געוואוסט וועגן אונדזער באזוך אין באנקאק פון די כרמל'ס. איך האב זיך פארבונדן מיט אים טעלעפאניש און אים איינגעלאדן פאר לאנטש דעם צווייטן טאג פון אונדזער קומען. צוועלף אזייגער איז ער געקומען אין אונדזער האטעל. כאטש איך האב איינגעלאדן פרוי יקאבזאן אויך — איז ער אליין געקומען. ער האט אויסגעזען א סך יינגער, ווי איך האב זיך אים פארגעשטעלט, אנגעטאן זומערדיק אין ווייסע הויזן און אין א ווייסן העמד מיט קורצע ארבעל.

דורך די פאר שטונדן, וואס מיר האבן פארבראכט ביים מיטאג אין "איירקאנדישאנד" רעסטאראן, האבן מיר אויסגעפונען נאך א סך איינצלהייטן וועגן דער פאמיליע יאקאבסאן. זייערע דריי פארהייראטע קינדער וואוינען אין באזונדערע לענדער. א זון מיט א טאכטער וואוינען אין דער שווייץ און איין זון אן ארכיטעקט וואוינט אין סאן־פראנציסקא, זיין פרוי און דריי קליינע קינדער זיינען ערשט געקומען פאר א באזוך צו די עלטערן פאר א חודש צייט. דעם זון'ס פרוי איז א טאכטער פון א רוסישן גענעראל פון צארס ארמיי, וואס זיינען געלאפן ראטעווען זייערע קעפ אין קארעא.

נינא איז געבארן אין סעאול און האט זיך דארט דערצויגן. דער אמאליקער גענעראל האט זיך ווי ניט איז דערשלעפט קיין סאן־

פראנציסקא און דארטן האט עס יאקאבסאנס א זון זיך פארליבט אין א ווייס גווארדייערס טאכטער.

די חתונה איז פארגעקומען כדת ה"דזשאסטיס" און די קינדער זיינען לעגאלע. צי איז דעם יונגען יאקאבסאנ׳ס שווער א שטארקער אוהב ישראל איז שווער צו וויסן.

יאקאבסאן קען גילטן פאר א דייטשיסן נאמען אויך. מיר האבן זיך באגעגנט מיט דער גאנצער משפחה דעם אוונט, ווען מיר זיינען געווען איינגעלאדן פאר אוונט ברויט. די גרויסע הויז, וואס שטייט אין א גארטן — וואו ד"ר יאקאבסאן האט זיין אויגן קליניק אונטן אין זיין וואוינונג אויבן — האט אמאל באלאנגט צו א דייטשן קלוב.

עס איז נאך היינט אויך גוט פאר א קלוב, ווייל די צימערן זיינען פעלדער און זיי זיינען ארנאמענטירט מיט אלע סארטן סטאטועס און טעפיכער און אנדערע אנטיקן. אין דעם גרויסן עס־צימער זיינען מיר געזעסן און איך האב באטראכט די משפחה וואו די מאמע איז א דייטשקע, די שנור א רוסישע, די קינדער — קינדער דער זון ניינציק פראצענט א פרעמדער און דער יידישער טאטע זיצט ווי יענע הון וואס איז אויסגעזעסן אויף געגנדז אייער און די ענטלעך לויפן גאר צום וואסער אוועקצושווימען.

ביים טרינקען האט ד"ר יאקאבסאן אונדז געוואונטשן לחיים, האט דער לחיים צו מיר געקלונגען ווי א "קול קורא במדבר", צו די דורות, וואס שניידן איבער די שטריק, וואס האבן אויפגעהאלטן א שטאם.

וואס נינא האט געטראכט, ווען איר יידישן שווער, איז נישט גרינג צו זאגן. זי האט זיך, אפשר צום ערשטן מאל צוגעהערט צו א שמועס וועגן ישראל, און וועגן ביאליקן. פרוי יאקאבסאן גארנישט קיין נארישע דייטשקע, זעט אויס א סך עלטער ווי איר מאן. קיין גרויסער וואונדער איז דאס ניט, ווייל וועדליק ווי זי האט געשמירט דעם פוטער אויף דעם פרישן ברויט און די גלעזער ביר וואס מען האט אויסגעטרונקען, אז זי זאל וועגן א סך ווייניקער ווי 220 פונט.

זי קען גאנץ גוט ישראל און סיי זי און סיי ד"ר יאקאבסאן קריטיקירן די גרויסע אויסגאבן, וואס די מלוכה גיט אויס אויף אויסהאלטן דער לעגאציע אין באנגקאק. ווען ער איז געווען דער פארטרעטער, האט די מלוכה ניט געהאט קיינע אויסגאבן, אפילו פאר אונטערהאלטונג פון דיפלאמאטן. אויך א טענה!

די יידישע באפעלקערונג אין באנקאק ציילט אכציק נפשות. עס איז דארט ניטא קיין ארגאניזירט קהילה לעבן. קיין שול האבן זיי ניט און קיין רעליגיעזן פירער אוודאי ניט. ראש השנה און יום־כיפור

קלייבט זיך אויף א מנין אין ד״ר יאקאבסאנס הויז און דארטן פראוועט מען די תפילות. ד״ר יאקאבסאן ריכט אויך אפ א סדר, פאר א קליינער גרופע וואס בענקען נאך דעם.

קיין יידישער בית־קברות איז ניטא און יידן קומען צו קבורה אויף דעם סיאמער בית־עולם צוזאמען מיט זייערע שכנים. יידישע מצבות ווערן באצירט מיט א מגן־דוד און מיט אן אויפשריפט אין עברית. קינדער זיינען דא זייער ווייניק און זיי לערנען אין די אלגעמיינע שולן. די וואס קענען, שיקן זייערע קינדער אין אמעריקע אין עלטער פון 14־13 יאר.

זיי פארמאגן א קליינע ספר תורה און עטלעכע סידורים און מצות און וויין אויף פסח באקומען זיי פון האנג־קאנג. צווישן דער יידישע באפעלקערונג זיינען דא עטלעכע משומדים, וואס זיינען די בעסטע באשטייערער פארן קרן היסוד. די לעצטע יידישע געשיכטע אין סיאם, הויבט זיך אן פון 1917 ווען אן אדעסער ייד מיטן נאמען גערזאן האט זיך דער ערשטער דא באזעצט צוזאמען מיט זיין פרוי.

אין 1936 זיינען געווען אין באנגקאק 120 נפשות — היינט ארום אכציק. צי וועט דא פארבלייבן א יידישער ישוב, וועט משפטן די געשיכטע.

זיין אין באנקאק און ניט זען דעם שווימענדיקן מארק, איז ווי זיין אי אגרא און ניט זען דעם ״טאזש־מאהאל״. דער מארק הויבט זיך אן 7:30 אזייגער אין דער פרי און דאן איז די בעסטע צייט צו זען, ווי דער האנדל מיט לעבנספראדוקטן ווערט דורכגעפירט אויף שיפן און שיפלעך.

פון די פריע שעה׳ן פון פרימארגן שווימען נאכאנאנד צענדליקער שיפן און שיפלעך דורך דעם טייך ״פאא טשוא״ צו די קאנאלן, וואו עס איז דער פלאץ פון ״פלאטינג־מארקעט״. דארטן שטעלן זיי זיך אויס מיט זייערע פראדוקטן, אויסגעלייגט אין גוטער ארדנונג און דארטן קומען אויך אויף שיפלעך הונדערטער קויפער און קויפערינס איינהאנדלען זייערע באדערפענישן פארן טאג אדער פאר דער וואך.

די קאנאלן זיינען פארבויט מיט הילצערנע הייזלעך פון ביידע זייטן און די הייזלעך שטייען ביז די קני אין וואסער, וועלכע שווינקען אן אויפהער זייערע אונטנס. אין פארנט פון די הייזער שטייען אזעלכע שיפן ״קאנגס״ אויף וועלכע עס וואוינען פאמילעס מיט זייערע קינדער. די שיפן ווערן גענוצט אין טייל פאר איבערפירן משאות פון איין פלאץ צום אנדערן און דער צווייטער טייל איז די וואוינונג פאר דער פאמיליע. אזעלכע שיפן זעט מען אין די הונדערטער און דאס איז

א טייל פון א לעבנס שטייגער פון א באפעלקערונג, וואס לעבט אין וואסער.

צום מארק זיינען מיר געפארן מיט א מאטער שיפל וואס די טור געזעלשאפט ארדנט איין.

ארויספארנדיק צוריק פון די קאנאלן פארן מיר פארביי ביים בויג פון טייך, די קעניגלעכע בארזשעס, וואס זיינען באדעקט מיט גאלד און זיי שיינען ארויס ווי לעגענדארע וואסער-מוידן אין אפשיין פון דער זון.

דער טעמפל "וואט ארון" ארומגערינגלט מיט זיינע אנדערע געביידעס שטייט מאיעסטעטיש, מיט זיין קאפ פארריסן צו די הימלען און קוקט אראפ אויף די וואסערן וואס שטראמען אן אויפהער פאר 230 מייל, ביז זיי דערגרייכן דעם ים. דער טעמפל "וואט ארון" איז פון זיין אונטן ביזן הויכן שפיץ באדעקט מיט הונדערטער טויזנטער שטיקלעך פארצעליי פון אלע פארבן.

עס איז אומגלויבלעך צו זען דעם געדולד פון די אמאליקע בויערס פון טעמפלען.

זיי האבן ניט געפונען גענוג באגייסטערונג אין די געשיכטעס פון זייער גלויבן, האבן זיי געוואלט ארויסרופן די באגייסטערונג דורך די לעגענדארע טעמפלען, אין וועלכע זיי האבן אריינגעפלאכטן די גרעסטע קונסט פון מענטשלעכן שאפן. פון די טעמפלען אליין קען מען אויפשטעלן א רעליגיע.

די כוהנים פון בודדא, האבן געוואלט גרויס מאכן דעם נאמען פון זייער גאטס נביא, דורך איבערגעטריבענער גרויסקייט און פארשווענדערישן גלאנץ.

אין דעם טעמפל-קרעמאטאריום "וואט טראימיטר" רוט א האלב ליגנדיקער 5 טאניקער בודדא אין א לענג פון 150 פוס. די ליגנדיקע סטאטוע פון דעם מלך הבשן איז אויסגעהאמערט פון סאליד גאלד און עס איז אומגלויבלעך צו זען, אז די קאפ אליין איז פיל מאל גרעסער ווי אונדזער אהרון'ס עגל הזהב. איך האב אויסגערעכנט, אז אפילו מיר זאלן רעכענען דעם פרייז פון גאלד לויטן אמעריקאנעם נידעריקן פרייז פון 35 דאלאר אן אונץ דארף דער מאטעריאל אליין באטרעפן 5,600000% א חוץ מלאכה געלט. שטייען דארט די טעמפל באדינער און פוצן די גאלדענע הויט פון נביא בכדי ארויסצוברענגען דעם געטלעכן שיין וואס די פריסטער ווילן ווייזן צו די גלויביקע.

גאלד איז אבער ניט דער העכסטער אויסדרוק פון גלאנץ. עס זיינען נאך דא אויף דער וועלט טייערע שטיינער און בריליאנטן וואס פארכאפן די פאנטאזיע א סך מער ווי גאלד. האט מען אין דעם קייסערס טעמפל־פאלאץ אריינגעשטעלט א פסל פון בודא אין גאנצן פון עמעראלדן און דזשאספער. אין יענעם טעמפל קומט דער מלך בשר ודם זיך אויסבעטן "תשועה למלכים" פאר אים און פאר זיינס גלייכן, וואס זיינען נאך געבליבן אויף דער וועלט.

די בריליאנטענע סטאטוע איז געמאכט געווארן אין פערצנטן יאר־הונדערט און 3 מאל אין יאר בייט מען אום א "טייל פון די עמעראלדן אין דעם טעמפל" "וואט פרא־קעא" געפינט זיך די סטאטוע פון 1784, ביז דאן האט ער געוואנדערט פון לאמפאנג צו טשענגמאי, צו לאאו, צו וויען־טשאן צו דאנאפורי און אומעטום האט ער געשיינקט זיינע חסדים צו זיינע גלוביקע.

ביים פאלאץ אדער ביי די טעמפלען וואס איז אממערסטן פארהייליקט ביי בודואיסטן איבער דער גאנצער וועלט האבן מיר זיך באקאנט מיט א פארל אין די מיטעלע יארן וואס באררייזן די וועלט פאר די לעצטע צוויי יאר. דורך דער צייט האבן זיי שוין גאר א סך פון דער וועלט געזען אבער דא זיינען זיי געשטאנען אין גאנצן פארגאפט פון דער פאנטאסטישער עקסטראוואגאנץ און הערלאכער שיינקייט. די העכסטע פאגאדא אין דער וועלט "פאטהאם דזשיידי" איז באדעקט מיט 800,000 גאלדליעף שטיקלעך און איז א טייל פון דעם קייסערלעכן טעמפל־פאלאץ. עס איז דארט פארווערט צו נעמען מאווי־בילדער נאר שטילע איז יאָ דערלויבט זאל עס זיין, אז זיי האלטן דאס פאר האליוואוד?

גאלד און זילבער אויסארבעטונגען זיינען אויסגעשטעלט אין הונדערטער שוי פענצטער פון באנקאקס געשעפטן. אויך בראנז אויסארבעטונגען זעט איר אויף שריט און טריט. באנגקאק צייכנט זיך אויס מיט איר "טיעווס מארקעט" וואו מען פארקויפט אלץ מיט 200% ביליגער ווי מען בעט פאר דער סחורה.

צו איז דאס שוין ביליק גענוג, ווייס איך ניט? ווייל מיר האבן איינגעהאנדלט אונדזערע בראנזענע סערוויסעס אין א גרויסער פאבריק וואו רות קאריב האט אונדז געפירט. רות איז געקומען אויפן צווייטן טאג נאך אונדזער באגעגעניש, מיט איר מאנס אויטא, און צוזאמען מיט מיין פרוי, האבן זיי איינגעהאנדלט בראנז, אז עס וועט סטאיען פאר אור־אייניקלעך. אין גאלד אויסארבעטונגען זיינען מיר ניט פאראינטערעסירט געווען. ווען די טראנספארטאציע פון 5 טאן וואלט ניט געוועזן אזוי הויך, האב איך געהאט אין זינען צו מאכן אן

אנבאט פאר דעם פינף טאניקן גאלדענעם בודהא וואס ליגט אזוי באקוועם צולייגט אין "וואט טראימיטר".

צו קוקן אויפן "מארבל טעמפל" איז אן און פאר זיך א געניוס פון זען קונסט. די פיר קאנטיקע מארבל שטיינער זיינען אזוי איינגעפאסט איינער אין אנדערן, אז עס זעט אויס ווי איין שטיק מארבל שניי — דער רויטער דאך מיט זיינע שפיציקע שניצערייען באדעקט מיט גאלד־קאליר, טראגט אייך אוועק צו ווייטע מדינות ערגעץ אין מרחקים און איר פארגעסט, אז דאס זענט איר אליין גאר אין די ווייטע מדינות. א מענטש טרוימט פון אנקוקן ווייטע מדינות און ער צעעפנט די טירן פון זיין פארשטעלונג קראפט. קומט ער אהין ווערן די טירן ניט פארמאכט און דער כוח הדמיון זעט נאך ווייטער.

די שטאט באנקאק מיט אירע איינוואוינער פון ביידע זייטן טייך "טשא פוא" ציילט א באפעלקערונג פון איבער א מיליאן. צו האלטן דעם מיליאן אלטע און יונגע גלויביק, האט מען אויפגעבויט אין דער שטאט דורך א סך יארן, מער ווי 300 טעמפלען זעט מען אין די גאסן און ארום די טעמפלען א סך יונגע סיאמישע גלחים און האלב גלחים אנגעטאן אין זייערע ליכטיק ברוינע כאלאטן מיט געלע יארמולקעס צוגעדעקט זייערע אפגעגאלטע קעפ.

אין די זעלבע גאסן פון דער ריינער שטאט באנקאק זעט איר אויך הונדערטער און הונדערטער שול־קינדער ארויסשטראמען פון זייערע קלאס־צימערן אין א געמעסיקטער ארדענונג. זיי טראגן אלע די זעלבע אוניפארמס פון ווייס און בלוי פאר מיידלעך און וויין קאליר פאר יינגלעך. דערציאונג איז א מוז פאר דער יוגנט, און די שולן ווערן אויסגעהאלטן פון דער מלוכה.

איז דאס אדערפרישונג צו זען ווי א ניט גרויס לאנד דאגהעט פאר איר יוגנט און וויל זיי צופאסן צו דעם היינטיקן יארהונדערט.

מיטן אייראפלאן איז באנקאק זייער נאענט צו קאלקוטא און וואס פאר א גרויסער אונטערשייד? אפשר איז דאס דערפאר, וואס דאס סיאמיש פאלק איז שוין 400 יאר זעלבסט־שטענדיק און האט ניט געהאט איבער זיך קיין באדריקער (חוץ די קורצע צייט פון יאפאנס אינוואזיע)

איין אוונט האבן מיר באשטימט פאר באנקאקס "קלאסיקל דראמא", וואס באשטייט פון טאנץ, דיאלאג און כארוס. דער אינהאלט ווערט מערסטנס אויסגעדריקט אין פאנטאמים און באוועגונג פון האנט און פינגער. יעדע באוועגונג טראגט א סימבאלישן באטייט. ווען די האנט איז ביים הארצן איז עס אן

אויסדרוק פון ליבע, אז א פינגער ווייזט אן אויף איינעם — איז עס פארדרוס.

דער גאנצער באנעם פון זייער דראמא איז אינגאנצן פרעמד צו אונדזערע באגריפן.

די קלאסישע מוזיק איז שטארק פרעמד צו אונדזער אויער. די מוזיק אינסטרומענטן זיינען פארצייטיקע קלאפערלעך און פויקן מיט א פאר חלילים פון אן אנדער שטייגער. דאס איז די היסטארישע קלאסישע דראמע פון אלטן סיאם. אויפן ראדיא האבן מיר געהערט זייער זיסע מוזיק פון סיאם און עס איז געווען אזוי שיין און אזוי אנדערש. עס האט זיך געפילט א געמיש פון אינדישן אומעט מיט דעם כינעזישן וויי־געשריי וואס טראגט זיך דורך די דזשאנגלען פון בורמא.

אין אונדזער האטעל האבן מיר זיך באגעגנט מיט צוויי שיקאגערינס וואס פארן ארום דער וועלט. די רייכע מרס. סטיינער — גאר ניט קיין מיאוסע פרוי איז די אייגנטימערין פון אן עלעקטריק קא. אין שיקאגא. מרס. ״ליכטאם״ איז איר שוועגערין און איז א געוועזענע לערערין פון געאגראפיע, לערנט זי ערשט געאגראפיע פון ערשטן קוואל. זי דענקט, אז ווען זי וואלט געמאכט די רייזע מיט יארן צוריק וואלט זי געוויס געווען א בעסערע לערערין אין געאגראפיע. מיט די צוויי שיקאגער אלמנות האבן מיר באזוכט דעם סיאמישן טעאטער און האבן א סך גערעדט וועגן דער פרעמדער אנדערשקייט פון זייער אלטער קונסט און אויך פון דער אומרואיקער בענקשאפט פון אלמנהשקייט. פרויען זיינען בלומען, וואס בענקען נאך דער זון און דער פייכטקייט פון דער נאכט. פארלירן זיי דאס, זיינען זיי אראמאטיש אנגעשפיצט און ווארטן פאר דעם זשומען פון דער בין, וואס וועט קומען אויסזויגן די פארפיום געוועבן פון זייער אינגעווייד.

מיר געזעגענען זיך מיט אונדזערע נייע באקאנטע אין באנקאק און פארלאזן דעם לופט־פעלד אין א פייערדיקן פרימארגן פון אריבער 90 און א יומידיטי פון 100.

פליענדיק איבער טיילאנד זעט מען פון אייראפלאן פענצטער דאס לאנד צושניטן אין שמאלע קאנאלן און דער אויבערפלאך באדעקט מיט א דינעם צודעק פון וואסער.

מען זעט מענטשן איינגעבויגענע איבערן נאסן צודעק. דאס קלייבן זיי דעם וווייסן ברויט־רייז צו באשפייזן די באפעלקערונגען, וואס קענען באצאלן פאר דעם סיאמער מן.

דער פאסיפיק איז באשפריצט מיט הונדערטער בערג און בערגלעך וואס דער אונטערגרונט האט פון זיך ארויסגעשפארט.

איך פארצייכן מיינע איינדרוקן פון די לעצטע טעג ווי אויך די אינפארמאציע פון דאס געזעענע.

די פיר שטונדן לויפן שנעל פארביי און איידער וואס ווען דערזעען מיר קליינע אינדזלען אין מיטן וואסער און באלד נאכדעם דערנענטערן מיר זיך צו א שטאט, וואס איז איינגעבויט אין שטיינערנע בערג, אזוי ווי נעסטן פון פויגל ביי דעם ראנד פון אן אפגרונט, דאס איז די ווייסע שטאט אויפן ווייטן מזרח האנג־קאנג.

פעלזיקע בערג שטעקן ארויס זייערע מאנסטער קעפ פון די טיפענישן פון צפון פאסיפיק און קוקן אריבער די פלאכע פלוינען אויף וועלכע עס שטיקן זיך אין ענגשאפט מיליאנען כינעזער פון דער געלער ראסע, וועלכע זיינען איבערנאכט רויט געווארן.

אויף אט די בערג פון די שפיץ הויכן ארונטער צו די גרין בלויע וואסערן, איז אויסגעבויט די שטאט האנג־קאנג. דער אינדזל האנג־קאנג פארנעמט אין גאנצן 32 מייל און א פרעכטיקער "ביי" טיילט אים אפ פון קאלהאאן — פענינסולא וואס איז אינגאנצן 3 מייל די גרויס. ווייסע געביידעס באדעקן די בערג פון אויבן ביז ארונטער. און אין די אוונטן ווען די פייערן צוצינדן זיך אין די טויזנטער הייזער און גרויסע געביידעס, זעען זיי אויס ווי גרויסע איינגעפאסטע שטערן אין א שטיינערנעם הימל.

די פארבינדונג צווישן קאלאהאאן און האנג־קאנג זיינען מיט פערי־שיפן וואס קומען און גייען אלע פינף מינוט איבערן "ביי". פארנדיק מיט די פערישיפן דורך די אוונט שעה'ן, אנטפלעקט זיך פאר אייך א לעגענדאריש בילד. ווען דער "ביי" איז רואיק און דורכזיכטיק ווערן פון די 2 שטעט 4 — 2 פון אויבן און 2 פון אונטן.

האנג־קאנג איז דער גרעסטער "שאפפינג גן־עדן" אין דער גאנצער וועלט ספעציעל פאר פרויען. די גאנצע טוריסטיק פון פאסיפיק און פון קליין און גרויס אזיע וואס איז געריכטעט צום ווייטן מזרח שטעלט זיך דאָ אפ אין אלע וויסן דעם סוד, אז אט דארט איז א פרייער פארט און אלע ווילן מציאות. האנג־קאנג, וואס נעמט שוין אריין קאלהון, איז אויך דער גרעסטער שניידער מארק אין דער וועלט.

אין ערגעץ וועט מען אייך ניט מאכן א קאסטיום צום ארדער אזוי שנעל ווי אין האנג־קאנג. איין טאג איז אויך גענוג. איך ווייס פון מענטשן, וואס זיינען געשטאנען צוויי טעג אין האנג־קאנג און זיינען אוועקגעפארן מיט א טוץ קאסטיומען געמאסטן צום ארדער. איך האב שוין פריער דערציילט וועגן א "לאנגאיילענדער" בויער (בילדער) וואס האט זיך געמאכט 30 סוטס. האנג־קאנג ארבעט 24 שעה אין מעת־לעת צו באקליידן די נאקעטע אמעריקאנער.

אין האנג־קאנג זיינען די געשעפטן אפן ביז גאר שפעט אי דער נאכט און זונטיק זיינען נאר די בענק געשלאסן. קאכט עס דארטן און עס זידט פון די טוריסטן, וואס לויפן פארשמאיעטע מיט די געפעק אונטערביידע ארעמס און לויפנדיק קוקט מען אין די שוי־פענצטער, אפשר איז נאך דא עפעס, וואס מ׳האט ניט דערזען.

אין האטעל האט א טוריסט דערציילט א סוד, אז ער האט זיך געמאכט זיבן סוטס אין א דראג־סטאר און ביליקער ווי ביים האטעל שניידער. נו, גיי ווייס וואו עס געפינען זיך בארגענס? איר קענט דאך אבער ניט אוועקפארן פון האנגקאנג און ניט איינהאנדלען כאטש א 5 — 4 סקרינס.

דער אמת איז, אז דארטן געפינט איר די שענסטע סקרינס. דארטן איז דא דער כינעזישער דזשייד און מיט דזשייד און גוטער דערפארונג אין דער מלאכה, קענען זיי טאקע מאכן שיינע סקרינס

אן אונדזעריקער וואס מאכט אזא לאנגע רייזע, וועט ניט ארויס פארן פון דער היים, וואו ער האט ניט מיט זיך כאטש עטלעכע אדרעסן וואו צו קויפן סקרינס און אנדערע שיינע זאכן. מע געפינט שוין אויס ביי די וואס זיינען דארט געוועזן און מען גייט פריער אפשאצן די גרויסע מציאות, וואס יענער האט געהאנדלט. נאכדעם הויבט זיך אן א פארשרייבעניש פון אלע געשעפטן אין יעדן לאנד באזונדער. אז מען האט שוין אלץ אראפגעשריבן מאכט מען ערשט ביי זיך אפ, אז יענער האט נאך אביסל איבערגעצאלט און ער וועט שוין וויסן ווי מען קויפט דאס ביליקער.

צענדליקער געשעפטן זיינען אויסגעשטעלט מיט סקרינס פון אלע קאלירן פון רעגן־בויגן און אלע האבן זייערע אייגענע פעקטאריס. אזוי הייסט דאס, זאגן זיי אליין, נאך מיין חשבון צופיל פעקטאריס. מיר האבן ניט געוואלט זיין קיין יוצאים מן הכלל, האבן מיר אויך ארויסגעשיקט צוויי סקרינס און אז מען שיקט שוין אזא שווערע משא האט מען שוין צוגעלייגט עטלעכע צירונג שאפקאלעך, אזעלכע וואס מיין ווייב האט געזען אין א געשעפט אין מיאמי פאר 5 מאל דעם פרייז.

ביי די שניידער אין די אפיסעס טוט זיך אויף טיש און אויף בענק. די כינעזישע פארקויפער שלעפן פון די פאליצעס צענדליקער שטיקער ענגלישן ״וואוירסטעד״ און איטאליענישן ״סילק און ווייזן דאס צו די נייגעריקע טוריסטן־קונדן. אנדערע באטאפן די גלאטע שטיקער סחורה אויף די פאליציעס ווייל זיי ווארטן אויף א סיילסמאן ער זאל זיי סערווירן.

די שניידער שטייען מיט זייערע מאסן אין די הענט און מעסטן די פולע טאליעס פון די אויפגערעגטע פרויען, וואס ווייסן ניט וואס צו

כאפן פריער. אין א ווינקל, וואס איז האלב פארשטעלט מיט פארלייגטע פאליצעס שטייען 2 פרויען האלב אויסגעטאן און מעסטן אן זייערע קאלירטע קליידער איידער מען פארענדיקט זיי. אין דער אנדערער זייט פון צימער האלב פארשטעלט מיט א שפאנישווענטל, ציען מענער ארונטער זייערע הויזן אויף אנצומעסטן זייערע נייע גארניטורן, וואס זיי מאכן זיך אויף יום־טוב. איינער וואס האט שוין ארויפגעשלעפט די נייע הויזןווארט אויפן שניידער ער זאל אים ברענגען דעם "דזשעקעט" אויף אנמעסטן.

די יעניקע, וואס האבן באשטעלט מער ווי אנדערהאלבן צענדליק קאסטיומען גיין אדורך די זעלבע פראצעדורע אזוי פיל מאל. זעט מען דארטן פרויען און מענער איבערגעטאן אלע 10 מינוט אין אן אנדער קאליר. עס איז א ריזיקע דעמאנסטראציע פון קאלירן. נאכדעם הויבט זיך אן א שניידעריי פון שטיקלעך שטאפן פאר בענין דעם שוסטער, וואס מאכט די שיך פון די זעלבע סחורה, וואס די קליידל איז.

ווייל אין ספר "פראלניק" שטייט וויראזשנע געשריבן, אז די שיך דארפן "מעטשן" דאס איבעריקע. טאמער, חלילה, ווייסט איר ניט פון דעם, קען איך אייך זאגן, אז ביי די גאר גאר "ספארטס", פאסן זיך די קאלירן פון דער גארדעראבע צו דעם קאליר פון "קאדילאק".

ביי בענין אין שוך געשעפט איז א רעש און א טומל, אזוי ווי ביי טשאנדלערס אין מיאמי אין א שבת צו נאכט. טוריסטן און טוריסטקעס זיצן אויסגעעצט אויף שמאלע בענקאלעך און די כינעזער מעסטן זייערע אנגעשוואלענע פיסמיט נאגניאטקעס. בערגלאך מיט קאלירטע סחורה ליגן אנגעווארפן אויף א טישל. יעדער שטיקל, מיטן נאמען־אויפשריפט פון דער גליקלעכער ווייבל, וואס וועט דאס אראפפארן אהיים מיט א חתונה גארדעראבע וואס עס פאסט פאר א פרינצעסין און אזוי ביליק. בעני שטייט אין מיטן געשעפט ווי א רעגולערער קאמאנדיר און רעדט מיט זיינע קונדן אויף א העפלעכן ענגליש און אין א ווײלע ארום שרייט ער שוין אויף זיינע כינעזער אין "קיטאייאיש" פארוואס די גרינע שיכלעך פון מרס. עקס זיינען נאך ניט פארטיק. ער האט דאך שוין זיי דריי מאל געזאגט, אז זי מוז דאס האבן פאר דריי אזייגער, ווייל דער אייראפלאן פליט אפ 18 מינוט נאך 5. דערווייל ציילט ער די אמעריקאנער צענערלאך, וואס מ'שפארט אים פון אלע זייטן.

בעני האט איין פרייז — צען דאלאר א פאר. ווייס ער, אז 5 פאר איז פופציק דאלאר, און פאר 17 פאר דארף ער קריגן 170$. א פראסטער חשבון און א גרינגער דערצו. ווייניקער ווי זעכציק דאלאר האט נאך א קאסטאמער ביי בעניין ניט איבערגעלאזן — מער יא.

אין האנג־קאנג איז דער בעסטער פלאץ צו איינהאנדלען כינעזישען דזשייד, ווייל ס׳איז באמת זייער ביליק. די אמעריקאנער רעגירונג האט אבער א פארבאט אויף אריינצוברענגען אין לאנד עפעס וואס קומט פון דער רויטער כינע. קוקן זיי נעבאך די אמעריקאנער טוריסטן אויף די שיינע אויסארבעטונגען פון דזשייד און עס גייט זיי אויס דאס חיות. וואלט מען ביי זיי געפרעגט: וואלטן זיי גלייך געהייסן אנערקענען דער רויטער כינע,, אבי זיי זאלן קענען איינהאנדלען אזעלכע פיינע שטיקער, וואס וואלטן געפאסט אין יעדן צימער. אבער אזוי ווי מען פרעגט ניט ביי זיי, מוזן זיי נעבאך שלום מאכן מיט דער אמעריקאנער אויסלענדישער פאליטיק.

די נייע טערעטאריעס אדער ווי מען רופט זיי די ״ניו־טעריטאריס״ זיינען דער הינטער גרונט פון האנג־קאנג אינדזל, וואס ציט זיך אריין אין דער טעריטאריע פון דער רויטער כינע. דער האנג־קאנג אינדזל, וואס איז אינגאנצן עטלעכע מייל די גרויס, איז ניט גענוג געווען פאר די פלענער פון דער ענגלישער קרוין צו אנטוויקלען דעם סטראטעגישן שוץ־ווינקל אין צפון פאסיפיק.

אין 1897 האבן די ענגלענדער· אפגעדונגען פון דער דעמאלסטיקער שוואכער כינעזישער מלוכה א שטיק טעריטאריע פון עטלעכע און דרייסיק מייל און האבן דאס צוגעשטוקעוועט צו האנג־קאנג. דער טערמין פון ״ליס איז 99 יאר און דער פרייז א ״זיד עדשים״. איז שוין 63 יאר אפגעלאפן פון טערמין און עס איז נאך פארבליבן עטלאכע און דרייסיק יאר ביז דער ״ליס״ וועט זיך ענדיקן. אט די שטיק טעריטאריע, וואס איז אינגאנצן ״א כינעזיש באפעלקערטע רופט מען דאס די ״ניו טערעטאריס״. א גרויסע שטיק פון דער שטאט האנג־קאנג איז שוין אין די גרעניצן פון די נייע טעריטאריעס. דארטן זיינען אריינגעפאקט הונדערטער טויזנטער דורך די יארן פון דער רויטער רעוואלוציע. די פארוואלטונג פון דער וועלט שטאט האנג־קאנג, האט ניט געקענט דערלויבן, אז האנג־קאנג זאל ווערן אן אנדער קאלקוטא, וואו הונדערט טויזנטער מענטשלאכע באשעפענישן שלאפן אויף די ״סיידוואקס״ און האבן ניט קיין דאך איבערן קאפ.

האט מען אין דעם טייל שטאט אויסגעבויט גרויסע הייזער פראיעקטן אויף הונדעטער אקער לאנד און דארטן זיינען אריינגעקוועטשט צו 5 מענטשן אין א צימער פון 10X12 און 7 מענטשן אין 16X18. די אפארטמענט הייזער פון 7 שטאק זעען אויס ווי קאלאסאלע בינשטאקן, וואו עס זשומעט מיט טויזנטער מענטשלעכע קולות. די געביידעס מיט זייערע באלקאנען זיינען פארהאנגען מיט טויזנטער שטיקלעך וועש פון אלע קאלירן, וואס טריקענען זיך אנטקעגן דער ווארעמער זון.

דער וועג צו דער כינעזישער גרענעץ איז א בערגיקער און הונדערטער כינעזער ארבעטן אויף אויסבעסערן די וועגן וואס פירן צום גרענעץ, דאס איז א טייל פון דער ארבעטס פראגראם פאר די ארבעטסלאזע.

אין די נייע טעריטאריעס געפינען זיך די גרויסע לעדער און טעקסטיל פאבריקן, וואס פארמעסטן זיך מיט זייער קאנקורענץ מיט דער ביליקער לוין אין יאפאן.

פארנדיק זעט מען די גאנצע געגנט באדעקט מיט גרינע פעלדער אויף וועלכע עס פראצעוועון הונדערטער מענער און פרויען אין זייערע ברייטע שטרויענע היט און בארוועסע.ביים וועג ליגט דער לעגענדארישער "וואאלווילעדזש" וואס איז ארומגערינגלט מיט א שטיינערנער וואנט שוין פאר הונדערטער יארן, וואס איז געווען א באשיצונג געגן די אפטע באנדיטן אנפאלן. דער דארף איז אינגאנצן איזאלירט פון דער היינטיקער ציוויליזאציע און אירע איינוואוינער ווילן ניט הערן פון קיין שום פראגרעס. זיי זיינען זיך מתחתן צווישן זיך און זייערע באדערפענישן ווערן געדעקט אויפן פרימיטיווסטן אופן. די מלוכה האט שוין אלץ פרובירט צו ענדערן זייער לעבנס שטייגער און האבן זיך אנגעשלאגן אין א שטיינערנער וואנט.

דו דעגענעראציע דעגרייכט דארטן די העכסטע פארמע צוליב דעם דורות לאנגן אפשטעל פון נייעם בלוט אויסמיש. ווערן זיי שטענדיק וויניקער פון דור צו דור. ביז די לעצטע וועלן אמאל ווערן קליגער.

ביים סאמע גרענעץ אויף א בארג שטייט א גרויסע פאליציי געביידע וואס איז דער לעצטער פאסטן פון דער מערב וועלט. אראפקוקנדיק פון בארג זעט מען אויסגעשפרייט פאר מיילן ווייט פלאכע פלוינען, וואס באלאנגען צום נאטירלעכן בעל־הבית — כינע. פון דערווייטנס זעען אויס די פלוינען גרין, ווי אין דער גאנצער וועלט און די ערד איז גרייט צו שפייזן אירע באשעפענישן ניט נעמענדיק אין אכט זייער קאליר אדער אידעאלאגיע. די גרויסע שטיק ערד וואס הייסט כינע; ווייס נאר, אז איר האט מען צוגעטיילט מער מענטשלעכע באשעפענישן ווי וועלכן אנדער טייל ערד קיילעך און אין א קורצער צייט וועט זי דארפן טראגן אויף אירע גרינע פלייצעס 2 ביליאן פיס פון מענטשלעכן מין.

אין האנג־קאנג זיינען דא לוקסוריעזע רעסטאראנען מיט שיינע מוזיק צום טאנצן. אין "מארקא־פאלא" האבן זיי פארגעסן, אז פאר דעם פרייז וואס זיי רעכענען פאר א מאלצייט פאר איינעם, קען מען קויפן ביי בענין א שיינע פאר שיך געמאכט צום ארדער.

די סטיוועגס, וואס האבן אויסגעגעבן אויף טאנץ־לעסענס ווייניגסטנס 4300 דאלאר, כאפן אריין עטלעכע טשא־טשאס און א מארענגא. אין ״פריז־גריל״ גיט אונדז דער יידישער אייגנטימער גרויס אויפמערקזאמקייט און דערציילט א סך עפיזאדן פון דער יאפאנישער אקופאציע ווען ער איז געווען ארעסטירט און צעשיידט פון זיין פאמיליע. ער דערציילט אויך וועגן ביסל יידישקייט אין האנג קאנג.

דער גרויסער כינעזישער רעסטאראן אויפן אכטן עטאזש, וואו ״טאני־טאנג״ האט אונדז איינגעלאדן פאר מיטאג איז דער גרעסטער, וואס מיר איז אמאל אויסגעקומען צו זען.

2000 מענטשן זעצן זיך אויס אויף די 2000 פלעצער וואס דער רעסטאראן פארמאגט און הונדערטער ״וויטערס״ לויפן מיט זייערע טאצן און סערווירן כלערליי כינעזישע מאכלים. א סך פון די מאכלים זיינען אונדז אין גאנצן פרעמד און מיר האבן קיינמאל ניט געזען אויף די ״מעניוס״ פון אמעריקאנער כינעזישע רעסטאראנען.

טאני טאנג ארדערט פארשידענע געקעכצן און מיר מאטערן זיך און פארזוכן פון אלע. ווער ווייס וואס איז דארטן אריינגעקראכן אין אונדזערע יידישע מאגנס? אין דעם גרויסן נאכט־קלוב, וואוהין טאני האט אונדז גענומען איז אויך פארגעקומען א כינעזישע חתונה און דא איז שוין געווען גאר גאר פריילעך. די אטראקציע פון דער פארשעלונג איז געווען א יאפאנישע זינגערין־טענצערין וואס האט געוויזן די צוקוקער און דער עיקר דער כלה וואס א פרוי קען אויפטאן מיט איר קערפער און ווי אזוי מען קען באוועגן אלע טיילן פון קערפער דורך א גראציעזן טאנץ, ווייזנדיק דערביי דעם שלאנג קערפער אנטפלעקט.

דער פלאץ איז געווען געפאקט קאפ אויף קאפ און די מחתנים האבן פארגעסן, אז זיי זענען אויף א חתונה. דער חתן איז אפשר געווען דער איינציקער, וואס האט געהאט זיינס אין זינען.

טאני טאנג, איז א פארטרעטער פון עטלעכע אמעריקאנער פירמעס אין ניו־יארק. איינע פון די פירמעס איז די ״העלען־הארפער״ סוועטער ליין אין ניו־יארק, מיט וועלכער מיר זיינען פארבונדן. טאני האט געוואוסט, וועגן אונדזער באזוך אין האנג־קאנג פון די בריוו וואס ער האט באקומען פון מר. לערנער פרעזידענט פון ״העלען הארפער״. ער האט פרובירט אלץ וואס איז מעגלעך צו מאכן אונדזער באזוך אינטערעסאנט.

ער איז מיט אונדז אויסגעפארן די שטאט און אונדז אלץ געוויזן ווען ער איז געווארן פארנומען האט ער אונדז געגעבן זיין אמאליקע ״גוירל־פרענד״, קייטי, זי זאל אונדז וויזן מער און באהילפיק זיין. קייטי נעמט אונדז צום ״טיגער־באלם״ וואס איז איינגעבויט אין א

בארג און די געביידעס זיינען צו שטעלט אויף פארשיידענע הויכן. אויפן סאמע שפיץ בארג שטייט א 7 עטאזשיקע פאגאדע ארומגערינגלט מיט וואונדער שיינע גערטנער און מיט א הונדערט פוס נידעריקער זיצט צושפרייט ווי א שטאט בעל־הבית דער ריזיקער לאכענדיקער בודהא, וואס קוקט אראפ אויף דעם אומענדלעכן ארום צום מזרח און דרום וואו עס איז אויסגעשפרייט זיין הימלישער קעניגרייך.

אויף דער זעלבער הויך פון בארג זיינען אריינגעבויט אין שטיין אן אפענער מוזעאום אין כינעזישן סטיל, וואו עס ווערט פארגעשטעלט דער גיהינום ווי מען באשטראפט פאר יעדער זינד אויף דער וועלט.

פאר לשון־הרע שניידט מען דארט אויס דעם צונג און מען זעט ווי עס טוט וויי. און אזוי אן א צאל שטראפן.

אין מיטן פון די פרעכטיקע בארג־ארויפן שטייט די אימפאזאנטע געביידע פון דעם פארשטארבענעם אייגנטימער פון דער פאנטאסטישער אויסגעטראכטקייט וואס הייסט "טיגער־באלם". עס איז קיינעם ניט באקאנט, וואס ער האט געהאט אין זינען מיט זיין אוצר־פארשוועדערישן פלאן. סיידן עס האט געהאט צו טאן מיט די "מוירמיידס" (וואסער־מוידן) פון די אפגרונטן פון פאסיפיק, וואס קומען ארויס אין די נעכט און זינגען אויס זייערע אפגרונט לידער צו דער הערשאפט פון די אקעאנען?

דער וועג צו "רעפולס־ביי" וואו עס שטייט דער האטעל מיטן זעלבן נאמען איז א זיג־זאגישער און פירט דורך די בערג. די שטאט אונטן מיט דער גרויסער צאל קריגס שיפן פון ים פלאט און אנדערע גרויסע און קלענערע שיפן ליגן אויסגעלייגט אויפן "ביי" ווי פיגורן אויף א שאך־ברעט און פארנדיק האלט זיך די פאנאראמע אין איין בייטן.

פון האטעל גארטן אויפן בארג קוקט מען אראפ אויף דער זאמד־פליאזשע וואס ציט זיך אויס ביז דער גלייכער וואנט פון שטיין בארג וואס האט קיין ברעג ניט און די כוואליעס שטויסן זיך אן אויפהער אין דעם גראניט שטיין פון בארג.

טאני באשטעלט טיי מיט צובייסן אין האטעל־גארטן און מיר האבן הנאה פון גאטס וועלטל. אבערדין איז א פישער שטעטל ביים זייט פון האנג־קאנג. דער גרעסטער טייל פון אירע איינוואוינער האבן פון דורות לאנג געמאכט זייערע וואוינונגען אויף הונדערטער און הונדערטער שיפלאך, וואס זיינען צעשטעלט אויפן וואסער. די

שיפן שטייען געדיכט צוגעשטעלט איינע צו די אנדער און ברעטער טראטוארן שאפן געסלעך פארן דורכגיין.

אויף אט די שיפלעך זיינען געבארן געווארן נייע דורות און אלטע זיינען פון דארט אוועקגעגאנגען צו זייער אייביקער רו. די באוועגונג אין דארף אויפן וואסער איז א לעבעדיקע. הונדערטער מענער, פרויען און קינדער לויפן באוועגלעך אויף די הילצערנע געסלאך און יעדער טוט זיך זיין טעגלעכע ארבעט. דער פיש ריח געמישט מיט דעם ריח פון מענטשלעכער פארשימלטקייט איז ניט צו אנגענעם פאר דעם נאז פון א פיין שמעקער.

ניט ווייט פון דעם פישער דארף שווימען ארום אויף גאנץ גרויסע שיפן די שווימענדיקע רעסטאראנען פון "אבערדין". פיש־עסער קומען אהין אויסצוקלייבן זייערע באטעמטע פיש מאכלים און מען בראט עס פאר זייערע אויגן, ווייל די פיש זיינען נאך לעבעדיק. נאך דער גאנצער אנטוויקלונג פון מענטשן איז נאך אלץ אין אים פארבליבן א שטיק פון דער חיה, וואס האט הנאה פון פארצוקן.

מיר קומען אין אונדזער האטעל און דארטן שליסן מיר אן אפמאך מיט טאני־טאנג, אז ער זאל ווערן אונדזער פארטרעטער אין האנג־קאנג פאר "דזשיי־בערמא" אונדזער מענער — "סוועטער־ליין", וואס אפעלירט צו אים אזוי שטארק. פון די פאר סוועטערס, וואס איך האב געטראגן אויף אונדזערע אויספלוגן.

מיר געזעגענען זיך מיט דער פריינטלעכער כינעזישער "קייטי" און באדאנקען איר מיט א שיינער מתנה פאר דער ווארעמער גאסט־פריינטלעכקייט, וואס זי האט אונדז ארויסגעוויזן.

דעם צווייטן טאג דארפן מיר זיך שיידן מיט דער לעבעדיקער שטאט האנג־קאנג און טאני זאגט צו צוקומען אונדז באגלייטן צום לופט־פעלד, פון וואנען מיר וועלן אפפליען צו דער ווייטער מדינה יאפאן מיט איר הויפט שטאט טאקיא.

אין די אלע לענדער, וואס מיר זיינען דורך געפארן האבן מיר נאר אין האנג־קאנג און אין באנקאק באגעגנט די לעבעדיקע "ריקשא". די "ריקשא" איז אן אויסגעפוצט וועגעלע מיט צוויי באקוועמע זיך־פלעצער אויף 2 רעדלעך. די "ריקשא" וואס איז לייכט אין וואג ווערט געפירט פון א מענטשן, אנשטאט א פערד און איז אן ארטיקער מיטל פאר טראנספארטאציע. פאר אן אונדזעריקן, זעט דאס אויס זייער פרעמד צו זען ווי הונדערטער "ריקשאס" לויפן איבער די הויפט גאסן און זייטיקע געסלאך און פירן איינעם אדער 2 מענטשן.

עס איז זייער מעגלעך, אז מענטשן טוען שווערערע ארבעטן, ווי לויפן מיט א "ריקשא", אבער אין דער "ריקשא" דערזעט מען דעם מענטשן פארבייטנדיק דעם פערד און דאס מאכט דעם שווערן איינדרוק.

די "ריקשא" פירער האבן פיינט די שיינע מענטשן מיט זייערע הויכע פרינציפן וואס ווילן ניט פארן אויף וועגעלעך געפירט ביים מענטשן. זיי ווילן ניט זייער באדויערן און זייער רחמנות אויפן מין מענטש, זיי דארפן פרנסה פאר ווייב און קינד׳ער און זיי האבן שוין לאנג שלום געמאכט מיטן געדאנק, אז זיי זיינען דאס די פערד אויף צו פירן די מענטשן.

פינף מיט א האלב שעה זיינען מיר געפלויגן פון האנג־קאנג ביז טאקיא מיט א "בי. א. עי. סי" בריטאניא. דער וועג איז געווען א גלאטער און א רואיקער און די באדינונג זייער א העפלעכע.

א שיינע יאפאנעזישע סטוארדעס גייט ארויס פון די כלים און פרובירט מאכן די רייזע אזוי באקוועם ווי נאר מעגלעך. דער קאפיטאן, וואס פירט אן מיט דער לופט־שיף לאזט אונדז וויסן, אז מיר פליען איבער טייוואן — פארמאזא און אין טאקיא וועלן מיר אנקומען זיבן דרייסיק אין אונט.

וואס מער מיר דערנענטערן זיך צו די אינדזלען פון יאפאן אלץ גרעסער ווערט די שפאנונג און א געפיל פון נייע דערווארטונגען באהערשט דער פארשטעלונג קראפט.

נאך אין די גאר קינדערשע יארן האבן מיר געהערט שטעטלדיקע יידן דערציילן, ווי מען האט זיי גענומען אין דער רוסישער ארמיי צו גיין שלאגן די יאפאנטשיקעס, וואס ווילן צונעמען ביים "צאר באטיושקא" א שטיק לאנד מיט עפעס א פארט־ארטור א צוגאב. זיי אליין זיינען צום ווייטן פראנט ניט דערפארן, ווייל ביז די רוסישע קאמאנדע האָט מאביליזירט אירע רעזערוון און זיי גענומען אויסשטאטן מיט די מלחמה מכשירים אויף זיי צו ברענגען אין ווייטן סיביר, האבן די קליינע יאפאנטשיקעס געמאכט א קורצן סך־הכל מיט דער רוסישער נייווי און האבן פארכאפט וויפל עס האט זיך נאר געלאזן. האבן זיך אריינגעמישט צדדים און מען האט זיי אויסגעגלייכט, אז יאפאן זאל ניט נעמען צופיל.

דער סוף איז געווען, אז די שטעטלדיקע יידן זיינען געקומען צוריק אהיים און האבן אפילו ניט געזען ווי עס זעט אויס א יאפאנטשיק. אין די שפעטערע יארן און נאך שפעטער ווי אין 1941 האבן מיר שוין געהערט גאר א סך פון דעם אגרעסיוון פאלק — די

יאפּאַנעזער. דערפֿאַר איז די שפּאַנונג געוועז גרויס, ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צו די ברעגן פֿון דער ווייטער אַזיאַטישער מלוכה.

אויפֿן טאָקיאָ לופֿט־פֿעלד איז אַ שטאַרקע באַוועגונג, ער רוישט ווי אין אַ בינשטאָק. די קאַסטאַם באַאַמטע זײַנען זייער העפֿלעך און פֿאַרשפּאָרן אונדז די מי פֿון עפֿענען די וואַליזעס. זיי ווײַזן אַ פּנים די כּיטרע יאַפּאַנעזער, אַז אין מצרים פּירט מען ניט קיין כּישוף. זיי ווייסן, אַז דער וואָס קומט צו זיי, וועט שוין ביי זיי איבערלאָזן די פּאָר רובל, ווײַל זיי פֿאַרקויפֿן ביליק און קיינער פֿירט ניט מיט זיך עפּעס אויף זיי צו פֿאַרקויפֿן.

דער האָטעל ״דאַאיטשי״ וואו מיר האָבן געקראָגן רעזערוואַציעס איז זייער אַ גרויסער האָטעל, ניט קיין ערשט קלאַסיקער. מיר מוזן דאָ שטיין פֿיר טעג ביז מיר וועלן קענען אַרײַנקומען אין דעם בעסטן האָטעל אין טאָקיאָ — דעם ״אימפּיריאַל״.

אין ״דאַאיטשי״ איז טומלדיק, אַזוי ווי אין בריסקער וואַקזאַל ערבֿ אַ יום־טובֿ. אַזיאַטישע געזיכטער שמייכלען צו אייך מיט זייערע פֿאַרזשמורעטע אויגן און וואו ניט וואו זעט מען אַן אייראָפּעאיִשן פּנים. פֿון אָנהייב דערפֿילט מען עפּעס אַ מין פֿאַרלאָרנקייט אין אַ פֿרעמדער וועלט, ווייט אַוועק פֿון אַ באַקאַנטן לעבנס שטייגער. אין האָטעל איז דער באַר און דער רעסטאָראַן געשלאָסן. אום 10:30 נעמען מיר אַ שפּאַציר אויף אַ ברייטער גאַס ניט ווייט פֿון האָטעל און אויך דאָרט זײַנען די קאַפֿע הײַזער געשלאָסן.

מיר פּרובירן פֿרעגן וואו קריגט מען דאָ אַ קאַפֿע אָדער אַ רעסטאָראַן — ״אין קול ואין עונה״, מען פֿאַרשטייט ניט.

אַ אַ יונגער יאַפּאַנעזער האָט רחמנות געקראָגן אויף הונגעריקע טוריסטן און ער האָט אין אַ וואַקלען ענגליש געראָטן, מיר זאָלן צופֿאָרן צום האָטעל ״אימפּיריאַל״. דאָרטן איז אָפֿן ביז 12 אַזייגער.

דער האָטעל ״אימפּיריאַל״ אין טאָקיאָ איז אַן אייראָפּעאישער אינדזל אין מיטן שטאָט. דאָ שווימלט און קאָכט מיט אַמעריקאַנער טוריסטן און אימפּאָרטירער און מיט אייראָפּעער פֿון גאַנץ צענטראַל אייראָפּאַ. דער פּראָצענט פֿון אַזיאַטישע געזיכטער איז אַ קליינע, סײַדן איר וועט צורעכענען די הונדערטער באַדינער און באַדינערינס וואָס זײַנען אַלע יאַפּאַנעזער.

דאָ הערט איר מערסטנס רעדן ענגליש. מען הערט אָבער אויך דײַטש און פֿראַנצויזיש און אַנדערע שפּראַכן:

דער נייער "אימפיריאל", וואס איז אויסגעבויט נאך דער צווייטער וועלט מלחמה איז דער אמת'ר ערשטקלאסיקער האטעל "פאר־עקסעלאנץ". די באדינונג איז די בעסטע, וואס א האטעל קען געבן אירע געסט. אן איינגעשטודירטער העפלעכקייט טראגט אייך אנטקעגן יעדער יאפאנער מיט זיין הכנעהדיקער "סאיענארא" אלץ איז זויבער און אין גוטן געשמאק. די דאפלטע פענצטער מיט אינעווייניגיסטע לאדנס לאזן ניט צו קיין ביסל טומל פון דרויסן. אין ערגעץ פילט מען ניט אזא שטילקייט אין א צימער ווי אין "אימפיריאל", כאטש דער טומל איז אויסערגעוויינלעך גרויס אין דעם נאענטן ארום. די "על" באנען לויפן ניט ווייט פון דאנען מיט זייער אייזן־גערויש הין און צוריק און יעדעס מאל בלייבט איבער א געהילך־קלאנג פאר א לאנגער ווײַלע. דער געהילך ווערט איינגעשטומט, ווען ער קלאפט זיך אן אין די שווערע דאפלטע פענצטער מיט די ספּעציעלע לאדנס.

דער שלאף אין אזא צימער איז אינגאנצן אן איבעררייס און מען פילט, אז מען האט זיך גאר גוט אויסגעשלאפן. אויף דער רעכטער זייט פון דעם נייעם "אימפיריאל" שטייט דער "אלד־אימפיריאל" וואס איז אפגעטיילט מיט א ריזיקן הויף

דער אלטער אימפיריאל האטעל מיט זיין מאסיווער איינגעזעסנקייט שטייט צושפרייט אויף א גרויסן שטח ערד און עס איז א לאנגער מהלך פון הויף אריינגאנג ביז זיין אמאליקן הויפט אריינגאנג אין פארנט פון א ברייטער הויפט־גאס. דער אימפיריאל שטייט ווי א שטומער עדות פון יאפאנס גרויסן אויפקום און פון אירע קאטאסטראפעס אין די לעצטע יארן ווען טאקיא האט מיט יארן צוריק איבערגעלעבט איינע פון אירע גרעסטע נאטירלעכע ערד ציטערנישן און א האלבע שטאט איז צופאלן געווארן אין שטיקלעך. האט דער אימפיריאל אביסל פארלארן זיין גלייכגעוויכט און איז געזונקען אויף זיין רעכטער זייט מיט א פאר פוס.

אזוי איז ער געבליבן שטיין עטוואס געזונקען און האט ווידער איבערגעלעבט די גרעסטע באמבארדירונגען פון דער לעצטער מלחמה. גרויסע געביידעס זיינען אפגעווישט געווארן ביזן גרונט און דעם אימפעריאל האט ניט געשאדט. שטייט ער ערשט פעלזיק שטארק מיט אלע זיינע הונדערטער צימערן און מיט די אומצאליקע רעסטאראנען און בארן פון אלע זייטן און מיט דעם גרויסן "שאפינגצענטער" אין זיינע אונטערשטע עטאזשן. עס איז א גרויסער קאנטראסט צווישן די ביידע האטעל געביידעס און אין דער זעלבער צייט פילט מען די גרויסע הארמאניע פון צוויי באזונדערע קולטורן, וואס שטרעקן אויס די הענט איינע צו די אנדערע. דעם זעלבן געפיל

באקומט מען, ווען מען זעט די גרויסע מערבי אינפלוענץ אין דעם ווידער אויפבוי פון דער גרויסער שטאט טאקיא. טאג און נאכט קלאפן די ריזיקע בוי מאשינען און צענדליקער טויזנטער מענטשלכע הענט בויען גרויסע שטאלענע געביידעס לויטן מוסטער פון מעריב.

די יאפאנעזער ווילן ניט ווארטן ביז זייערע וויסנשאפטלער וועלן אויסגעפינען נייע דערפינדונגען און נייע וועגן. האבן זיי באשלאסן דערווייל צו קאפירן.

קאפירן זיי אלץ אין דער וועלט און זיי מאכן דאס גוט און גאר א סך ביליקער. אין ארכיטעקטור און בוי־מעטאדן פאלגן זיי אויך נאך די מעריב טעכניק און זיי מאכן עס גוט. זעט מען ערשט אין טאקיא אויפקומען נייע געביידעס, וואס קענען שטיין אין ניו־יארק אדער לאנדאן.

צו מארגנס נעמען מיר דעם ערשטן טור איבער טאקיא. מיר שטעלן זיך אפ ביי דער בראנזענער סטאטוע פון דעם יאפאנעזישן העלד פון 14טן יארהונדערט "מאסאשיגע קוסאנאק", וואס שטייט קעגנאיבער דעם "אימפיריאל פאלאץ" אין דעם גרויסן נאציאנאלן פארק פון טאקיא, וואס פארנעמט 286 אקער לאנד. די טויערן פון פאלאץ זיינען געשלאסן פאר באזוכער און קיינער קען אהין ניט אריין קומען. עס איז דערלויבט צו באאבאכטן דעם ארייגאנג פון טויער און קוקן פון ווייטן אויף די יאפאנעזישע־סטיל געביידעס וואס שטעקן ארויס פון הינטער דער דיקער וואנט וואס רינגלט ארום דעם באדן פון די קייזערלעכע פאלאצן.

עס איז א סברה, אז דורך דער צייט פון די גרויסע באמבארדירונגען אויף טאקיא, האבן די אמעריקאנער פליער אראפגעווארפן א פאר שוועבעלעך אויך אויף דעם גרויסן קעניגלעכן הויף און עטלעכע געביידעס זיינען אוועק מיטן רויך.

אבער דאס זיינען סברות און מאלע וואס מענטשן זאגן: אט, למשל, זאגט מען, אז דער הייליקער מיקאדא מיט דער משפחה האבן זיך אריינגעקליבן אין דער "מיידס קווארטער".

דער גרויסער נאציאנאלער פארק איז אין דער צייט פון דער מלחמה געווארן א פארם, וואו טויזנטער מענטשן האבן פארזייט גרינסן אויף צו דערהאלטן די נשמה.

מיר שטעלן זיך אפ ביי דער גרויסער טאקיא אוניווערסיטעט וואו עס באקומען זייער העכערע בילדונג 15000 יאפאנישע סטודענטן. די געביידעס זיינען אלטע און זיינען צעשפרייט אויף גרויסע ערד שטחים, וועלכע זיינען דורכגעשניטן מיט גאסן.

דער ״קאראקועןֿ גארטן״ אין טאקיא איז א קאפריז פון א מיליאנערסקן יאפאנעזער, וואס האט אויסגעבויט א גראנדיעזן פארק אויף זיין לאנד, וואס ער האט פארמאגט אין שטאט. דער יאפאנעזער, וואס איז געווען א ליבהאבער פון פויגל האט אמאל געפירט ערגעץ פון די דזשאנגלען א גרויסן האאק פאר זיין קאלעקציע פון פויגלען. אויפן וועג האט עפעס פאסירט מיטן פויגל און עס איז נפטר געווארן, צו פאראייביקן דעם נאמען פון זיין פארלארענעם ״האאק״ האט ער אויסגעבויט דעם וואונדערלעכן פארק ״קאראקוען״ און היינט זינגען דארטן פויגל שירה צו דעם גרעסטן פויגל ליבהאבער פון אלע צייטן.

מיר פארן צום אסאקוסא ״שאפינג צענטער״ דאון־טאון טאקיא. א מייל לאנג ציען זיך גרויסע און קליינע געשעפטלעך פון סחורות און א האנדל אין אזיע סטיל גייט אן אין פולן ברען. הונדערטער טויזנטער מענטשן דרייען זיך אין דעם גרויסן ווירוואר און זינגענדיקע קולות פון אלטן יאפאן קלינגט אפ אין די דורכגאנגען וואס שניידן זיך אין דער לענג און אין דער ברייט. ביים סאמע ענד פון גרויסן האנדל־צענטער שטייט אן אלטער בודהא טעמפל, וואס איז באזוכט פון הונדערטער מענטשן. אלע קניען און זאגן שטילע תפילות און נאכדעם ווארפט מען עטלאכע יען אין די ״בעל הנס״ פושקעס, וואס הענגען אויף די קאלומס. א גרופע קינדער אין ווייסע בלוזעס מיט זייערע לערער זיינען געקומען פון אויסערן שטאט זיך צו באקענען מיט דעם טעמפל. זיי קניען אויך פארן שמייכלענדיקן בודהא און ריידן צווישן זיך מיט קינדערשער התפעלות. אין דעם טעמפל הענגט די גרעסטע לאמטערן אין דער וועלט און דאס מוז שטארק אפעלירן צו די קינדער.

אויפן וועג שטעלן מיר זיך אפ ביי א גרויסן פארום, וואו די יאפאנעזישע יוגנט טרענירט זיך אין ״דזשודא״. דאס יאפאנעזיש פאלק אין אלגעמיין איז א פאלק פון אינטענסיווער פיזישער ארבעט. די געדיכטע באפעלקערונג פון ווייט אריבער 70 מיליאן, וואלט ניט געקענט עקזיסטירן, ווען דאס פאלק וואלט ניט אריינגעלייגט אזויפיל פראצע אין אלע פאזן פון דאס לאנד ווירטשאפט. זעט מען אומעטום יעדער שטיקל ערד, וואס קען עפעס ארויסגעבן פון זיך באדעקט מיט גרינע פעלדער. שטיקער בערג זיינען פארזייט מיט עפעס וואס מאכט זאט א הונגעריקן. אפילו אין א הויף פון א פריוואטער הויז איז עפעס פארזייט. איז דער וואונדער גרויס, וואס נאך אזויפיל ארבעטזאמקייט נוצט נאך דער יאפאנעזער אזויפיל פיזישע איבונגען אין זיין ״דזשודא״

דער לעצטער אפשטעל פון היינטיקן טור איז דער גרויסער דעפארטמענט געשעפט אין טאקיא — ני־האנ־באשי״.

די זיבן שטאקיגע געביידע איז אויסגעשטאט מיט די לעצטע איינריכטונגען פון היינטיקן יאר־הונדערט. עסקעלייטערס און

עלעווייטערס פירן די אומצאליקע מאסן מענטשן ארויף און אראפ און אלע דעפארטמענטס זיינען באלאגערט מיט קויפער. טאקיא פארמאגט א צאל פון גרויסע דעפארטמענט געשעפטן, "ניהאבאשי" איז דער גרעסטער.

דארטן סערווירט מען טיי מיט צובייסן צו די באטייליקטע אין טור און מען ווייזט א קורצע פארשטעלונג. וויפל שטיקלאך באקליידונג עס פלעגט אמאל אויף זיך ארומדרייען א יאפאנעזישע כלה מיט 500 יאר צוריק. מיכל ראזענבערג קען זיין גאר געדעכט ווען ער זאגט, אז ביז אזא כלה ווארפט אראפ פון זיך אזויפיל אנטועכץ קען אריבער דער חשק.

אין "ניהאבאשי" צוטיילט די טוריסט געזעלשאפט צו יעדן טוריסט א בילד, וואס זיי האבן גענומען פון דער גאנצער גרופע לעבן דער סטאטוע פון "מאסאשיגע קורענאקי" אין נאציאנאלן פארק. מיר פארן צוריק צום האטעל און פארביי דער שטארק באלויכטענער הויפט גאס "גינזא" די בראדוויי פון טאקיא.

אויף "גינזא" געפינען זיך די גרעסטע געשעפטן פון שטאט און יעדער געשעפט איז איינגעטונקען אין "ניאן" רעקלאמע ליכט. די זייטיקע געסלאך וואס שניידן אדורך די "גינזא" זיינען אנגעפיקעוועט מיט קלענערע געשעפטן און רעסטאראנען, קאבארעטן און קאפעען און די באלויכטונג פון אזויפיל רעקלאמע-ליכט זעט נאך אויס שטארקער ווי אויף "גינזא". דאס איז מסתמא, ווייל די געסלאך זיינען שמאלע.

מיר קומען אין האטעל און איילן זיך צו מאכן זיך גרייט צום איינגעלאדענעם אוונט ביי די סיטרינס אין זייער היים.

וואלטער סיטרין איז א פראמינענטער "סוועטער" פאבריקאנט אין טאקיא. א געבוירענער אין סאן-פראנציסקא האט ער געפונען זיין צוקונפט אין וויטן אזיע און געהייראט מיט א מיידל פון יידיש-רוסישע עלטערן וואס איז געבוירן אין שאנכיי. אין דזשודיס היים האט מען גערעדט רוסיש און עפעס יידיש. אין גימנאזיע האט זי געלערנט כינעזיש און ענגליש און ווען זיי האבן זיך באזעצט אין טאקיא האט זי געמוזט לערנען יאפאנעזיש.

זייער משפחה באשטייט פון דריי זין, פון וועלכע איינער לערנט שוין דעם דריטן יאר אין מק'גיל אוניווערסיטעט (מאנטרעאל). דער צווייטער וואס ענדיקט היי-סקול וועט אויך פארן לערנען אין זעלבן אוניווערסיטעט. דער דריטער איז 10 יאר אלט און ער לערנט אין טאקיא. אלע ריידן זיי יאפאנעזיש

און חבר'ן זיך מיט יאפאנעזער קינדער.

די סיטרינס האבן געשיקט זייער שאפער, ער זאל אונדז ברענגען זיינען מיר דורכגעפארן א האלבע שטאט ביז מיר זיינען צוגעקומען צו א מאדערנער קאליפארניא הויז. וואס שטייט אפגערוקט פון דער גאס, צוליב דעם פריוואטן אריינפיר אין פארנט פון דעם הויז.

די סיטרינס באגעגענען אונדז מיט דער אזיאטישער העפלעכקייט און כאטש מיר האבן זיך ניט געקענט פריער האבן מיר זיך באלד דערפילט היימיש און מיר האבן געטרונקען "סאקא" לכבוד אונדזער נייער באקאנטשאפט.

דריי באדינערס האבן סערווירט א געשמאקן מאלצייט פון האלב יאפאנעזיש האלב אייראפעאיש. דורך דעם אוונט האב איך באקומען א סך אינפארמאציע פון דעם לעבן אין יאפאן און באזונדערס פון דעם לעבן פון דער קליינער יידישער געמיינדע אין טאקיא און אין "קאבע". יאפאן האט קיינמאל ניט פארמאגט קיין גרויסן יידישן ישוב. דורך די מלחמה יארן זיינען אין די צוויי צענטערן אנגעלאפן ביי א צוואנציק טויזנט יידן און ווי ניט ווי האבן זיי איבערגעלעבט די שווערע מלחמה יארן. ווען דער קאשמאר איז געווען אריבער זיינען דער גרעסטער טייל צופארן אין פארשיידענע לענדער און אין טאקיא און קאבע זיינען פארבליבן ארום א הונדערט פאמיליעס אין יעדער. די פארבליבענע זיינען אלע זייער גוט איינגעארדנט און טוען גרויסע געשעפטן אין לאנד און אויסערן לאנד.

די הונדערט פאמיליעס זיינען צווישן זיך שטארק פארבונדן דורך דעם יידישן קלוב, וואס זיי האבן אויפגעשטעלט אין מיטן שטאט. די שיינע געביידע איז אפגעקויפט געווארן פון א זייער רייכן יאפאנעזער, וואס האט באוואוינט דעם פאלאץ מיט דעם גרויסן גארטן וואס רינגלט אים ארום.

דער קלוב מיט זיינע צענדליקער צימערן פארמאגט א גרויסארטיקן רעסטאראן, וואו די באדינונג איז פון א יאפאנעזער. דער רעסטאראן פארמאגט 2 קיכן, די גרויסע קיך איז א וועלטלאך יידישע און די קליינע קיך איז א כשר'ע, פאר די פילע פרומע פאמיליעס.

אין איינעם פון די גרויסע זאלן געפינט זיך די שול, וואס ווערט באזוכט שבת און ימים טובים. די שול פארמאגט 200 זיץ פלעצער — גענוג צו באפרידיקן די רעליגיעזע באדערפענישן פון דעם קליינעם יישוב. אין פאל פון א יאר־צייט, ווערט געגעבן נאטיץ און עס וואלונטירן 10 מענטשן און קומען אין שול אין א וואכנדיקן מיטוואך. דער קלוב פארמאגט אויך א "סווימינג־פול" און דער גאנצער יידיש געזעלשאפטלעכער אויסלעבן קומט פאר דארטן.

דעם צווייטן מאל ווען די סיטרינס האבן אונדז איינגעלאדן אין יידישן קלוב האבן מיר מיטגענומען מיט זיך די סטיווענס פון לאס־

אנדזשעלעס. די סטיוועגס האבן זיך ניט געקענט אפלויבן פון דער גאסטפרײנטלעכקייט פון די סיטרינס און פון דער גאנצער מיטגלידערשאפט וואס האבן אונדז אויפגענומען מיט ווארעמער פרײנטלעכקייט. אין קלוב טרעפט מען אלע אוונט ווייניגסטנס א העלפט פון טאקיער יידישע פאמיליעס.

די מאכלים זיינען יידישע מיט א יאפאנעזישן צוגאב און עס האט אלע טעמים. מיר שמועסן מיט די יונגע "צפוריס" — די פארטרעטער פון דער ישראל לעגאציע אין טאקיא. מיר באקענען זיך אויך מיט עטלאכע געזונטע יונגעלייט — יורדים פון ישראל, וואס מאכן דא בעסערע געשעפטן ווי אין תל־אביב און מען זעצט זיך צו דער מלאכה פון שפילן א "דזשין־ראמי". די קארטן טישלעך זיינען קיין עין־הרע באזעצט מיט מענער באזונדער און פרויען באזונדער און די שפיל גייט אן, חלילה ניט ערגער ווי אין א האטעל אין מיאמי. אויף אונדזער טישל שפילן זיי 5 יען א פונקט, אויף אונדזער לשון וואלט דאס געהייסן א סענט מיט א האלב א פונקט. דאס איז ניט קיין צו ביליקע שפיל. א ראיה האט איר, וואס ביים ענדע פון שפיל האב איך באדארפט אויסצאלן א שטארקן הונדערטער. ווי אזוי דאס איז געשען? פשוט. מ'האט אונדז צוויי מאל "געשניידערט" און חתונה געמאכט.

וואלטער סיטרין האט פארגעלייגט מיר זאלן שפילן נאך איין "גיים" און דא איז מיר געקומען צו הילף דער מלאך "קלאפימנא" און האט אפגעראטעוועט 46 דאלאר.

פארנדיק צוריק פון קלוב האבן מיר א סך געשמועסט וועגן דער אוניווערסאלקייט פון יידישן פאלק און יידישן מענטשן. אט זיינען מיר געקומען אין א ווייטער וועלט, וואו אלץ האט אויסגעזען אזוי פרעמד און אזוי אנדערש, און שוין איז דא די פארבינדונג מיט ווייטע ברידער, וואס מאכן אייך פילן אזוי היימיש און אזוי נאענט.

דער וועג צו "האקאנע" בערג אין א פריוואטן אויטאמאביל מיט א "גייד" איז שטארק אינטערעסאנט. די סטיווענס עס קענען ניט פארגעסן דעם גליק וואס האט זיי געטראפן מיט דעם, וואס זיי האבן אונדז באגעגנט אויפן לאנגן וועג און מען קען זיך טיילן מיט די שטארקע איינדרוקן פון זען די צויבער לענדער. די מיליאניקע שטאט טאקיא לאזט זיך גאר ניט אויס, זי ציט זיך אזוי לאנג, ביז זי פאראייניקט זיך מיט דער גרויסער האפן שטאט "יאקא האמא". אלע שיפן וואס קומען אן אין יאפאן שטעלן זיך אפ אין די צוויי גרויסע פארטן יאקאהאמא און קאבע. פון יקאהאמא לויפן די טוריסטן זען די טאקיא געגנט און פון קאבע כאפט מען א קוק אויף די אלטע יאפאנעזישע הויפט שטעט "קיאטא" און "נארא". אין יאקאהאמא פארט שטייען

אנגעשטעלט ענגלישע פאסאזשיר און פראכט שיפן און אויך שיפן פון אנדערע לענדער.

די "קאראניא" האט מיט 3 טעג צוריק פארלאזן יאקאהאמא אויפן וועג צוריק מיט אירע 12 הונדערט לוסט־רייזע מאכער וואס האבן געכאפט א קוק אהער און א קוק אהין און האבן שוין געזען די וועלט.

אין יאקאהאמא באזוכן מיר דעם "סילק־מוזעאום" וואו איר זעט אין אלע דעטאלן ווי אזוי ווערימלעך פראדוצירן נאטירלעכן זייד. אונדזער קלוגער שלמה לערנט אונדז אין "משלי", אז מיר זאלן זיך אפלערנען פון דער מילב, וואס איז די גרעסבטע ארבעסזאמע באשעפעניש אויף דער וועלט. די יאפאנעזער האבן געלערנט זייער ארבעטזאמקייט פון דעם זייד־ווערימל, וואס רוט ניט א מינוט, ביז עס גיט ארויס פון זיך דעם איידעלן שטאף, וואס דראפירט אזוי שיין די שלאנקע קערפערס פון ווייבלעכן מין.

די געפלאסטערטע וועגן זיינען אזוי גוט ווי די אמעריקאנער וועגן ווי זיי זיינען געווען, איידער מען האט אנגעהויבן די "טוירנפייקס". דער נייער וועג פון היסטארישער שטאט נארא צו אסאקא, איז געבויט לויט די אמעריקאנער טוירנפייקס.

די אמעריקאנער נייווי געביידעס וואס זיינען אויפגעשטעלט געווארן נאך דער מלחמה אין יאקאהאמא געגנט, פארנעמט א גרויסן שטח לאנד ביי די ברעגן פון יאפאנישן ים און הונדערטער אמעריקאנער אויטאמאבילן און טראקס קורסירן הין און צוריק אין דער געגנט. מיר שטעלן זיך אפ אין דער אינגאנצן יאפאנעזישער שטעטל "קאמאקורא", וואס ציט צו זיך טויזנטער פילגרימען פון גאנצן לאנד וואס קומען תפילה טאן ביי דער ריזיקער בראנזענער סטאטוע פון בודהא אין הייליקן גארטן. די סטאטוע אין קאמאקורא איז קלענער ווי די "סטאטוע פון פרייהייט" ביים אריינפאר אין ניו־יארק. זי פארמאגט אבער אויך אן אריינגאנג

צען מייל פון "קאמאקורא" שטייט אויף א בארג דער "ענאשימא" האטעל פון וואנען מען זעט די גאנצע געגנט ארום. דא שטעלן מיר זיך אפ פאר מיטאג און כאפן א שמועס מיט נייגעריקע טוריסטן וואס פארן דעם זעלבן וועג. ביים זייט פון האטעל איז אויסגעשפרייט א גרין גראזיקער גאלף־קארס און יאפאנעזישע מענער און פרויען קלאפן מיט זייערע גאלף שטעקנס אין די קליינע פילקעס ווי געניטע שפילער.

מיר לאזן זיך אין וועג בארג ארויף צו "פודשיסאווא" און פון דארטן נאך העכער צו "אדאווארא". פון "אדאווארא" צו "האקאנע"

הויבן זיך די בערג אַלץ העכער און העכער און ווען מיר קומען צום "פּיודזשיאַ האָטעל" געפינען מיר זיך אויף אַ גאָר הויכער הויך, וואָס קוקט אַריבער צו נאָך העכערע בערג אויבן און גאָר טיפערע טאָלן אונטן.

דער פּיודזשיאַ האָטעל איז אַ צוזאַמענשטעל פון עטלאַכע גרויסע געביידעס אין אַלטן יאַפּאַנעזישן סטיל געבױט פון האָלץ. דער אויסזען פון די געביידעס זיינען זייער ענלאַך צו דעם אויסזען פון די שינטאָ טעמפּלען אין אַלטן יאַפּאַן. די הונדערטער צימערן פון האָטעל האָבן ניט קיין נומערן, נאָר יעדער צימער האָט אַ נאָמען פון אַ בלום. אין פּיודזשיאַ האָבן מיר אויסגעפונען די נעמען פון אַלע סאָרטן בלומען אין דער וועלט. יעדער צימער איז הויך און ברייט און איז באַהייצט. צו באַשיצן די געסט פון דער שאַרפער לופט, וואָס בלאָזט אין די הויכן פון די בערג. די גאַנצע געגנט "מינאַ יאַשיטאַ" איז פול מיט הייסע מינעראַל קוואַלן און אַהער קומען די רייכע יאַפּאַנעזער נעמען הייסע בעדער.

אין יאַפּאַן איז די הויז־באָד אַ פאַמיליע אינסטיטוציע און דורך דער באָד וואַשט דער יאַפּאַנעזער אָפּ פון זיך טעגלעך זיין רעאַלער וואָכעדיקייט, און גייט אַריבער אין אַ שטימונג פון געמיטלעכקייט און זעלישער רו.

די יאַפּאַנעזישע היימען זיינען איינגעריכטעט מיט הויכע הילצערנע וואַנעס אין וועלכע עס באָדן זיך טעגלאַך די גאַנצע פאַמיליע. ווען די פאַמיליע האָט אַ גאַסט אין הויז, ווערט ער אויך איינגעלאַדן צו זיין דער גאַסט פון דער פאַמיליע־באָד. דורך דעם דורות לאַנגן מנהג פון דער פאַמיליע־באָד, איז נאַטירלעך אָפּגעווישט געוואָרן די גרעניץ און דער אונטערשייד פון די מינים, און עס איז זייער נאַטירלעך, אַז ביידע מינים וואַשן זיך אין דער זעלבער צייט אין דער גרויסער פאַמיליע באָד.

דער איטאַליענער, וואָס האָט אָנגעשריבן זיין בוך "מיט וויטה זאַפּיין" דערציילט וועגן אַזאַ איבערלעבונג אין אַ פאַמיליע־באָד אין נאַראַ, וואו ער איז געווען איינגעלאַדן זייענדיק דער גאַסט פון דער פאַמיליע. אַלץ דערציילט ער, איז צוגעגאַנגען נאַטירלעך ווען ער און די גאַנצע פאַמיליע זיינען אַריין אין דער גרויסער מקוה־וואַנע. יעדערער האָט געוואַשן זיין קערפּער און צוגעהאָלפן איינער דעם אַנדערן. די 18 יאָריקע טאָכטער האָט פון אָנהויב ניט אַרויסגעוויזן קיין שום נערוועזיטעט, נאָר ווען זיינע בליקן האָבן זיך פאַרצלונג באַגעגנט מיט אירע און זי האָט דערפילט אַנדערשקייט אין זיינע אויגן האָט זי דערפילט איר נאַקעטקייט און האָט אַראָפּ געלאָזן אירע אויגן.

סעקסועלע אויפמערקזאמקייט ביי מענער איז א ריין רעלאטיווער ענין. איר קענט אמאל זען די שענסטע פרויען אין ביקיני־באד קאסטיומען און עס וועט ניט ארויסרופן קיין באזונדער אויפרעגונג.

ווייל איר זעט זיי אין גרעסערע צאלן און דער זינד־געפיל ווערט פארביטן מיט א געפיל פון געלאסענער הנאה אן אויפרעגונג. ווידער טרעפט, אז א פרוי זאל גערן אדער אומגערן פארהויבן דאס קליידל העכער ווי די אנגענומענע מאס, אז דער רייץ זאל אנגרייפן דעם כוח הדם און דאס בלוט זאל פלוצלונג א זיד טאן אין די אדערן.

אין אונדזער צימער, וואס טראגט דעם נאמען, "הייביסקוס" איז היימלעך אוןווארעם און מיר רוהען זיך אפ נאך א טאג פון פארן און פון זיך אנזעטיקן מיט די שיינע פאנאראמעס וואס דאס אויג האט געזען.

בארני סטיווענס איז אראפ אין אפיס באשטעלן א יאפאנעזישע וועטשערע, וואס ווערט ספעציעל צוגעגרייט לויטן־ארדער. ווייל מען עסן פיש באשטעלט מען א "טעמפורא" מאלצייט. ווילט איר א פליישיקן מאלצייט, דארפט איר באשטעלן "סוקעיאקי". אין האטעל רעסטאראן סערווירט מען גוטע מאכלים, אבער ניט קיין "טעמפורא" אדער "סוקעיאקי". אט די צוויי מאכלים ווערן צוגעגרייט מיט א גאנצן ריטואל נאך דעם יאפאנעזישן סטיל.

מיר קומען אריין אין א זייטיקער געביידע ביים זייט פון האטעל וועלכע שטייט ארומגערינגלט מיט צעוואקסענע ביימער און מיט נידעריקע פלאנצן. ביים אריינגאנג באגעגנט אונדז א יאפאניעזיש מיידל אין א טונקעלער קימאנא און העלפט אונדז אראפנעמען די שיך און אנטאן לייכטע שטעק־שיך — סליפערס. מיר פאלגן איר נאך דורך א לאנגן קארידאר צו א גרויסן ליידיקן צימער וואס איז אויסגעבעט מיט שטרויענע קארפעטס און זעצן זיך אויס אויפן פלאר. א יונגע יאפאנעזערין מיט א טונקל געקווייטלטער קימאנא מיט איר באהעלפערין ברענגען אריין א נידעריק טישל מיט פיר אנלען שטיקער — צו מאכן באקוועמער דאס זיצן אויפן דיל. די באהעלפערין ברענגט אריין א הייס אויוועלע באהייצט מיט קוילן און שטעלט עס אוועק אויפן ברייטן טיש. נאכדעם הויבט מען אן אריינברענגען פאלומעסקעס מיט פלייש און אלערליי גרינסן און די יאפאנעזערקע, וואס טרעט ניט אפ פון טישל זינט מיר האבן זיך אוועקגעזעצט, הויבט אן די עבודה פון אויסלייגן דאס דין צושניטענע שטיקלעך פלייש מיט די גרינסן ביי דער זייט און זי האלט אין איין ארויפגיסן אויף דעם פון פארשיידענע פלעשלאך אזעלכע אוילן און "סאיעא־בינס".

דורך דער צייט פון דער קאך צערעמאניע טרינקען מיר יאפאנעזישן טיי און דער ריח ניחוח פארשמעקט דעם צימער. אונדזער קעכין הויבט אן אויסטיילן צו איינציקע שטיקלעך פלייש גלייך פון פייער און ווען איר פארענדיקט איינע גיט זי א צווייטע. אזוי גייט אן די סעודה פאר א שעה מיט א האלב, עסנדיק די בטעמטע "סוקייאקי" וואס די יאפאנעזערין נעמט אראפ אלע פאר מינוט פון קליינעם מזבח׳ל.

מיר האבן איינגעלאדן אונדזער יונגער קעכן, זי זאל מיטעסן מיט אונדז האט זי דערקלערט אין יאפאנעזיש, אז זי איז ניט דערלויבט מיטצועסן מיט געסט. איר פליכט איז צו באדינען אירע געסט און זיי מאכן פילן גוט.

א פאטאגראפער האט גענומען בילדער פון אונדזער דערהויבענער "פארטי", וואס וואלט אויף אונדזער לשון געהייסן געפאלנקייט, ווייל מיר זיינען די גאנצע צייט געזעסן אויפן פלאר.

ווען די "סוקיאקי" — סעודה איז פאראיבער הויבן מיר זיך פון דערנידער און פילן זיך דערהויבן אין פולן זינען פוןווארט.

דעם צווייטן טאג באלד נאכן פרישטיק לאזן מיר זיך ארויסן פאר א טור אין די האקאנע בערג ביזן סאמע ארויף, צום נאענטסטן און העכסטן אבסערוואציע פונקט פון דעם 14.000 פוסיקן בארג "פיודזשי". דער וועג שלענגלט זיך צווישן די בארג־ארויפן, און אונדזער אויטאמאביל סאפעט שווער — קלעטערנדיק אויף די שמאלע וועגן וואס פירן צום אבסערוואציע פונקט.

קוקנדיק אראפ פון אויבן — שפרייט זיך אויס פון איין זייט א ברייטע, מייליקע טאל — "וואלי" מיט א לאנגער אזיערע, וואס ציט זיך פאר מיילן און דער "מישור" איז ארומגערינגעלט מיט הויכע בערג, וואס שאפט א בילד פון א גרויסער שיסל ביים זייט אנגעפילט מיט וואסער.

דער הויכער קיילעך פון "פיודזשי", קוקט ארויס פון די ווואלקנס וואס באדעקן אים מיט א מאיעסטעטישער ברייטקייט. די ריזיקע ווייסע יארמעלקע, וואס באדעקט זיין הויכן קאפ שיינט אראפ מיט איר שנייאיקער ווייסקייט אין די בלויע וואסערן פון דער "קאוואגוטשי" אזיערע אוןווארפט א רעפלעקסיע אויף דעם גאנצן ארום. די לופט איז קיל און קלאר אזוי ווי אין דעם טאג פון מעשה בראשית. מיר פארן צוריק מיט דעם זעלבן שמאלן וועג, וואס דרייט זיך ביי דעם הויכן "קליף" פון בארג און האלטן די נשמות אין די הענט. אונדזער ענגליש רעדענדיקער פירער דערציילט אונדז, אז דער פלאץ איז א נאציאנאלער זעלבסט־מארד ארט פון וועלכן זעלבסט מערדער

פון גאנצן לאנד קומען זיך אראפּוואַרפן אין "כף־הקלע". איז אונדז שטאַרק פריילעך געווען, ווען מיר זיינען צוגעפאָרן צום ברעג פון "לייק" אויף אריבערפאָרן מיט א פּאַסאַזשיר שיף וואס פירט צום האקאנע האָטעל אויף דער צווייטער זייט.

די אייגענטימער פון אונדזער "פּיודזשיא" האָטעל זיינען אויך די בעלי־בתים פון האָטעל "האקאנע" דער פּרעזידענט "יאמאגוטשי" שטעלט זיך פאר פאר יעדן גאַסט, וואס באַזוכט זיינע האָטעלן. ער איז א נידעריקער יאַפּאַנעזער קרוב צו אכציק יאר און איז נאך זייער אַקטיוו. ער איז אן אנגענעמער שמועסער און וויל וויסן, וואס עס טוט זיך אויף דער וועלט.

מען סערווירט אונדז א לייכטן מיטאג אויף נידעריקע טישלעך וואס שטייען אין גרויסן זאל, מיר באַטראַכטן נאך אַמאָל די שיינע אַזיערע וואס שווינקט די ווענט פון "האקאנע" האָטעל און מיר לאָזן זיך צוריק צו אונדזער האָטעל "פּיודזשיא" דורך א צווייטן וועג וואס שניידט דורך די בערג פון אן אנדער זייט.

יאַפּאַנעזישע מענער און פרויען גייען פארביי ביי די זייטן פון וועג און באַגריסן זיך מיט אבוקטער באַגריסונג. איין יאַפּאַנעזער, וואס האָט זיך געוואַלט באַפרייען פון צופיל וואַסער אין זיין קערפּער, האָט זיך אויסגעקליבן א טיפן טאל אונטן, אויסצוגיסן זיין וואַסערדיקן עודף. ער איז געשטאַנען נאַטירלעך סטרונעדיק ווען מיר זיינען אים פאַרביי געפאָרן און האָט זיך אפילו באַגריסט פון דער זייט. פאַרנדיק דורך די בערג דעפילט איר א שטאַרקן סאַלפאַר ריח און מען זעט ווייס־בלויען רויך אַרויסשפּאַרן פון די טיפענישן. מען פילט ווי גוואַלדיקע נאַטור פּראַצעסן קומען פאָר אין די אָפּגרונטן פון די בערג און זייער דראַנג צו באַפרייען זיך פון די איבעריקע גאַזן שיסן זיי אַרויס אין ווייסן רויך פון סאַלפּאַר.

די באן סטאַנציע אין אדאוואַרא איז געפּאַקט מיט פּאַסאַזשירן, וואס וואַרטן אויפן אנקומען פון דער באן, וואס וועט אונדז פירן צוריק צו טאָקיא. פרויען מיט זייערע צוגעבונדענע קינדער צו די פּלייצעס מיט "יטאַאבי" וואַרענען די גרעסערע זיי זאָלן ניט אַרומלויפן צו נאָענט צו די רעלסן ביי דער זייט פון פּלאַט־פאָרמע. די מענער מיט זייערע פּעקלאַך אין די הענט שפּילן זיך מיט די קינדער וואס הענגען אויף דער מאַמעס אַקסלען און ריידן צו זיי אין "סאַיאַנאַראַ" לשון.

עס לויפט אן די באן מיט א שטאַרקער שנעלקייט פון די הויכע בארג אַראָפּן און די וואַרטנדיקע מאַסע וואַרט שנעל אַריינגעשלונגען אין די גערעמע וואַגאָנען פון דער מלוכה אייזנבאן. דורך די ברייטע פענצטער פון וואַגאָן זעט מען דורך דעם גאַנצן וועג, אינדוסטריעלע שטעט און שטעטלאַך, וואס ליגן אויף ביידע זייטן פון דער אייזנבאן.

מיר קומען אן אין טאקיא אנהויב אוונט און מיר איילן זיך ווידער צו זיין גרייט פאר אונדזער טור "טאקיא ביי נאכט" אין דער הויפט שטאט פון יאפאן.

"טעמפורא האנאטשא" איז דער בעסטער רעסטאראן אין טאקיא פאר פיש מאכלים. די הכנות אין די פראצעדורע צו דער סעודה זיינען ווערט געווען די 14 דאלאר וואס מיר האבן באצאלט פאר צווי פארלעך, די סטיוועגס און מיר. דאס ערשטע טרינקט מען אזא מין גרינעם געטראנק אין וועלכן עס באדט זיך א בלימל און מען רופט עס טיי. נאכדעם, ווי די יאפאנעזישע מיידל האט אונדז אויסגעטאן די שיך און אנגעטאן קאלירטע סליפערס האט זי אונדז אריינגעפירט אין דער "טעמפורא" צימער איז אויסגעבעט מיט א דיקער שטרויענער ווייכקייט און אין מיטן איז אויפגעבויט א קיילעכדיקע קיך וואס איז איבערגעצאמט אין מיטן מיט א ווענטל, און איז אויסגעפוצט מיט יאפאנישע מאלערייען. דער קיילעך איז אין דער פארם פון א "רעוואלווינג-סטיידזש" און ער דרייט זיך אין זיין קיילעכדיקן ארום. צוויי פוסיקער טיף, א מין "קאנאווע" וואס דינט פאר א פלאץ וואו אראפצולאזן די פיס. ווען מ'זיצט אויפן ווייכן דיל. די "קאנאווע" רינגלט ארום דער גאנצער קיך און גרופעס קענען סערווירט ווערן אין דער צייט.

אין פאלומעסקעס ליגן אנגעלייגט אלע סארטן לעבעדיקע ים באשעפענישן — גרייט צו גיין צו דער עקדה אויף די הייסע "סקאווארעדעס", וואס ווייקן זיך אין "סאיא" און אין אנדערע פעטקייטן. די הנאה פון טעמפורא מאלצייט, וואלט געקענט זיין אזוי גוט ווי פון סוקעיאקי, וועגן איינער איז געוואוינט צו זען ווי מען לייגט אין פייער לעבעדיקע באשעפענישן און מען עסט זיי פרישערהייט. האבן די סטיוועגס זיך שטארק באלעקט פון די געשמאקע ים חיהלאך וואס דער יאפאנעזישער קוכער האט זיי סערווירט מיט גרויס פאכמענישקייט און איך האב זיך באגנוגנט מיט די שמעקעדיקע גרינסן און ווייסן רייז וואס איז די בעסטע דיעטע פאר מענטשן פון מיין סארט.

אין נאכט קלוב "מינאטא" איז ווארעם און פריילעך, די מיידלעך "האסטעסעס", וואס פארוויילן די געסט נעמען אונדז אויף מיט פרויען פריינטלעכקייט און קוקן אונדז אן פארוואונדערט. צו וואס האבן מיר גאר מיטגעבראכט אונדזערע פרויען?

צוויי שווארץ חנוודיקע יאפאנעזערקעס אין דעקאלטירטע בלוזקעס מיט קורצע קליידלעך זעצן זיך ביי אונדזער טישל און נוצן אלע אויסגעפרובירטע מיטלען צו מאכן זייערע מענער געסט זיך פילן מיט זיי היימלעך. זיי גיסן גלעזלאך משקה און טרינקען לחיים, זיי

פאררויכערן פאר אייך דעם סיגארעט און זיי נעמען אייך טאנצן צו דעם ריטם פון דזשעז־מוזיק.

אונדזערע פרויען זיצן נעבאך ווי אויף א פרעמדער חתונה און קלערן וועגן דער וועלט, וואס איז באשאפן געווארן נאר פאר מענער.

עס הויבט זיך אן די "שאו" און איר זעט טענצערינס אין זייער פולער נאקעטקייט אויסטאנצן דעם סוד פון קערפער בויגזאמקייט. מיר פארברענגען א קורצע ווײַלע און אונדזער גייד "זאגט אונדז, אז עס איז צייט צו פארן צו דער גיישא פארטי וואס ווארט אויף אונדז.

"קיקאקו" איז דער נאמען פון דער גיישא־הויז, וואו מיר פארן אין עטלאכע קארס — א גרופע פון צוואנציק. דאס הויז שטייט ביים ברעג פון טייך און איז ארומגערינגלט מיט שיינע יאפאנעזישע גארטנס. דאס הויז פארמאגט א סך צימערן און גרויסע זאלן פאר באזונדערע פארטיס.

גיישאס זיינען ניט דאס, וואס איר האט געוואלט, אז זיי זאלן זיין. די "גיישא" אינסטיטוציע איז אן אלטער לעבנס שטייגער אין יאפאן. די יונגע פרײַלינס ווערן דערצויגן אין אזוי גערופענעם אריסטאקראטישן "מאנאר" מיט היבשע ידיעות אין דער נאציאנאלער קולטור ארייגערעכנט קונסט און מוזיק.

די אויפגאבע פון דער גיישא מיידל, איז צו מאכן דעם רייכערן יאפאנעזשין מאן פארגעסן אן זיינע ביזנעס, און אים צוריקגעבן זיין שפילעוודיקייט, וואס ער הויבט אן פארלירן אין זיין טאג־טעגלעכקייט. די יאפאנעזישע פארהייראטע פרוי האט אנערקענט די רעכט פון די מענער אויף אזא צעשטרייאונג און האבן שלום געמאכט מיט דער גיישא אינסטיטוציע.

פאר טוריסטן איז א באזוך אין א גיישא הויז מער פאר בארימעריי ווי געוואלדיקע פארוויילונג, וואס ער האט זיך אויסגעמאלט אין זיין פארשטעלונג. עס איז ניט פאראן קיין סימן פון עראטיק אין זייערע היסטארישע טענץ און אין זייער מזרח געזאנג, וואס קלינגט אזוי פרעמד און אנדערש. די גיישאס זיינען אויסגעפוצטו אין קאסטבארע קימאנאס פון ראשנדיקע קאלירן מיט גאלדענע סליפערס אויף זייערע קליינע פיסלאך. די טענץ זיינען ריין סימבאלישע און די איידעלע באוועגונגען פון די הענט און דגי פינגער דריקן אויס דעם אינהאלט פון טאנץ דער קלימאקס פון פריילעכקייט איז געקומען מיט די פארשיידענע קינדער שפילן אין וועלכע אלע האבן זיך באטייליקט.

צוועלף אזייגער געזעגענען מיר זיך מיט די קלוגע מיידלאך און מיר פארן צום עלעגאנטן קאבארעט אין סאמע צענטער פון שטאט.

אין טאקיאס נאכט קלוב נאמבער — 1 איז די אטמאספערע א געהויבענע. עס דרייען זיך פארלעך שטארק צוגעטוליעטע איינער צום אנדערן. די ווירקונג פון שארפע געטראנקען און די נאענטע בארירונג פון קערפערס פארשיכורן די טאנצענדיקע פארלעך און זיי פארגעסן, אז זיי זיינען ניט אליין אין דעם טונקל באלויכטענעם זאל. עס איז זייער פריילעך ביים קיילעבדיקן טיש, וואס שטייט ביים זייט פון אונדזערן.

איין יאפאנעזישער מאן איז ארומגערינגלט מיט 10 שיינע בארוס מיידלעך און אלע קאטשן זיך פון געלעכטער פון די וויצו וואס ער דערציילט זיי. דער טיש איז אנגעשטעלט מיט שאמפאניער און אלע העלפן אים טרינקען.

די שפעטע פארשטעלונג הויבט זיך אן מיט זייער א רייכן פארנעם. קאסטבארע קאסטיומען איינגעפאסט אין קערפער באקליידן די באקליידעטע. די ניט באקליידעטע זיינען אינגאנצן ניט באקליידט און איר האט הנאה פון באוואונדערן דעם באשעפערס גרויסן וואונדער "דעם פערפעקטן קערפער פון א פרוי".

יעדער איינער פון אונדזער גרופע באקומט א בילד, וואס איז גענומען געווארן אין די נאכט קלובן פון דער גאנצער גרופע אינגאנצן פריי. יעדער אטאגראפירט דעם צוווייטנס בילד. מען געזעגנט זיך פריינטלעך מיט דער גרופע טוריסטן, צווישן וועלכע עס איז אפילו געווען אן אראבער פראפעסאר פון לבנון און מיר קומען אין האטעל אימפעריאל 2 אזייגער אין דער פרי.



# "אלט יאפאן"

אזוי ווי ניו־יארק איז ניט דער אמתער באגריף פון אמעריקאנער לעבן, אזוי איז טאקיא נאך ניט דער באגריף פון אלט יאפאן. ווילט איר זען דעם אמת'ן יאפאן דארפט איר אריינפארן אין אלט קיאטא און נארא און דער אלטער אסאקא.

די "יאפאן טראוול ביורא" וואס האט איר אפטיילונג אין האטעל אימפעריאל ארדנט פאר אונדז א דריי טאגיקן טור צו די אויבנדערמאנטע שטעט.

צווי הונדערט מיט דרייסיק דאלאר פאר צוויי מענטשן, דעקט די טראנספארטאציע, די פריוואטע קאר מיטן "גייד" און שאפער און די האטעלן. מיר פליען "יאפאן איירלייס" קיין אסאקא, וואו עס ווארט פאר אונדז אן ענגליש רעדנדיקע "מיידל־גייד" מיט א יאפאנעזיש רעדנדיקן שאפער.

דער פלי פון טאקיא צו אסאקא געדויערט א שעה מיט 45 מינוט. מיר פליען איבער דער "מינא יאשיטא" געגנט פון וואנען עס הויבט ארויס דער הויכער בארג "פיודזשי" מיט זיין שנייאיקן קאפ וואס זיין גרויסער אונטן איז באדעקט מיט א דיקער וואלקן קאלדרע.

זייענדיק אין "האקאנע" האבן מיר באוואונדערט דעם בארג פון איין זייט, ערשט זעען מיר אים פון אויבן און עס שאפט זיך אן איינדרוק פון א שופט מיט ווייסע לאקן, וואס זיצט אויף זיין שווערן שטול און טראכט וואס פאר אן אורטייל ער זאל ארויסגעבן. מאונט פיודזשי איז אמאל געווען א גרויסער ווולקאן, וואס פלעגט אפט שפייען מיט פלאם פייער. פאר לאנגע יארן שטייט ער רואיק און כעס'ט זיך ניט מער. אבער ווער ווייס וואס עס טוט זיך אין זיין טיפן זינען?

מיר פליען איבער "נאגאיא", וואו מיט עטלאכע וואכן צוריק איז דער טייך "קיסא" ווייט אריבער זיינע ברעגן און האט פארפלייצט און אפגעווישט א גרויסע געגנט און האט אנגעמאכט א גרויסן חורבן מיט הונדערטער מענטשלאכע קרבנות.

איבער גאנץ יאפאן איז דאן אנגעגאנגען א גרויסע רעליעף אקציע צו העלפן די געליטענע. דער עסטרייכישער סימפאנישער ארקעסטער וואס גאסטראליר׳ט אין יאפאן האט געגעבן 2 גרויסע קאנצערטן, וואס האבן אריינגעבראכט 3 מיליאן$.

דער אויטאמאביל אין וועלכן מיר פארן פון אסאקא לופט־פעלד צו קיאטא איז א נייער ״דאדזש״ אויסגעשיינט ווי א שפיגל. דער וועג איז א גלאטער און די לאנדשאפט א שיינע. די גאנצע געגנט איז ארומגערינגלט מיט בערג אויף די פעלדער ליגט נאך אפגעשניטענער רייז וואס דארף אויפגעקליבן ווערן.

מיר פארפארן אין האטעל ״קיאטא״ וואס שטייט אין צענטער פון שטאט. אין האטעל זיינען דא צוויי סארטן אקאמאדאציעס. אייראפעאישע צימערן צו וועלכע מיר זיינען געוואוינט און יאפאנעזישע צימערן אינגאנצן אנדערש. מיר האבן אויסגעקליבן די לעצטע און דא האבן מיר געהאט א נייע איבערלעבונג צו פארזוכן דעם טעם פון א יאפאנעזישער נאכט. די ברייטע טיר וואס עפנט זיך צו די צימערן איז געמאכט פון ״באמבו״ שטעקנס און איז לייכט ווי א פעדער. אין פאדער צימער שטייען צוויי פאר סליפערס און ווארטן איז זאלט זיי אנטאן. אין א זייטיקן צימער געפינט איר צוויי קימאנאס פריש געפרעסט אויף זיך מאכן באקוועם, דארטן שטייען אויך צוויי נידעריקע קאמאדן מיט א לאנגן שפיגל אין וועלכן איר קענט זיך גוט אנקוקן ווען איר שטעלט זיך אויף די קני.

אין גרויסן שלאף־צימער שטייט א נידעריק טישל מיט צוויי קישאלאך ביי דער זייט. אין דעם קליינעם ״סיטינג־רום״ ביים פענצטער שטייען צוויי נידעריקע שטרויענע שטולן מיט א קליין נידעריק טישל צווישן. ביים זייט פון צימער מיטן שפיגל געפינט זיך אויף איין זייט די גרויסע הילצערנע וואנע דריי און א האלב פוס די הויך מיט פלאץ פאר 4, און אויף דער צווייטער זייט איז דער יאפאנעזיש סטיל בית־הכסא, וואו אוייסער פאלומעסאק מיט א קיילעכדיקער עפענונג איז איינגעבויט אין דעם, פון טייל געמאכטן דיל. קיין זיץ פלאץ איז דארט ניטא א חוץ די אייגענע קני. נאכן מאכן זיך אביסל באקוועם זיינען מיר אראפ אין גרויסן רעסטאראן פאר מיטאג און איינס דרייסיק זיינען מיר ארויסגעפארן מיט אונדזער נייעם ״דאדזש״ און מיט מארין ביי דער זייט — זען ״קיאטא״.

אין קיאטא זיינען קיין יידן ניטא און איך גלויב, אז זיי זיינען דארט קיינמאל ניט געווען. זי איז געווען די הויפט־שטאט פון יאפאן פאר קרוב צו עלף הונדערט יאר פון 1868 — 794. די באפעלקערונג איז פון אריבער א מיליאן און דארטן געפינען זיך ארום 1500 בודא טעמפלען און א צוויי הונדערט שינטא ״שיינס״. קיאטא איז אמאל

געוועז דער קולטור צענטער פון יאפאן מיט אירע אלטע אוניווערסיטעטן און מוזעאומס. היינט טיילט זי איר באריסטקייט מיט דער גרויסער מעטראפאליע טאקיא, וואס איז געווארן דער גרויסער צענטער פון אלץ וואס יאפאן שטעלט מיט זיך פאר.

דער "טאשישא" אוניווערסיטעט רעכנט זיך פון די גרעסטע אין מעריב יאפאן. אין דער אמאליקער הויפט שטאט זיינען געבליבן שטיין די צאל קייסערלעכע פאלאצן אין דעם היסטארישן גארטן וואס געפינט זיך אין מיטן שטאט. דער גארטן איז ארומגערינגלט מיט א הויכער און דיקער וואנט און איז אפן פאר טוריסטן פון 5 — 3 נאכמיטאג. פאר יאפאנעזער איז דער באזוך אין די פאלאצן באשטימט נאר פאר 7 טעג אין יאר.

א פאלאץ באאמטער נעמט איבער דעם טור און ער פירט אונדז ארום פון געביידע צו געביידע וואו ער באקענט אונדז מיט דער געשיכטע פון די עמפעראר אין דער היסטארישער הויפט־שטאט. די געביידעס זיינען אלע געבויט פון א רויטלעכן האלץ מיט דעכער געמאכט פון געפרעסטן ציפרוס. צוליב די אפטע ערד ציטערנישן אין זייער לאנד פלעגן די יאפאנעזער בויען אלע זייערע געביידעס מיט האלץ. זעט מען דעריבער די גרעסטע טעמפלען און די היסטארישע פאלאצן געבויט מיט הילצערנעם מאטעריאל.

דורך די 11 הונדערט יאר זיינען די פאלאצן 7 מאל איבערגעבויט געווארן

אין גרויסן קייזערלאכן גארטן שטייען בוימער 500 יאר אלט. זיי שטייען דעמביק שטארק מיט זייער פולער באוואקסנקייט און קוקן אראפ אויף די דורות וואס בייטן זיך און וואס קומען אין די שאטנס פון זייערע ברייטע צווייגן.

אונדזער באגלייטערין "מארי" מיטן שאפער וואסווארטן אויף אונדז אין פארנט פון פאלאץ קומען אונדז אנטקעגן און מיר פארן צום גאלדגענעם פאוויליאן " קינקא־קודזשי" וואס א יאפאנעזער "שאוגאן" האט אויפגעבויט אין 14טן יאר־הונדערט.

אין 1950 האט א פייער אינגאנצן פארניכטעט דעם וואונדערלאכן טעמפל, אבער אין 1954 איז דער טעמפל צוריק אויפגעבויט געווארן מיט אלע איינצלהייטן פון זיין אריגינאל און עס האט אפגעקאסט דאס יאפאנעזיש פאלק 100 מיליאן$. די יאפאנעזער זיינען גרויסע פארערער פון זייערע העלדן און א פאלקס ביישטייערונג האט גוט געמאכט דעם היזק.

דער גאלדענער פאוויליאן, וואס פארשיינט דעם ארום איז געבויט אויף וואסער, א קליינע אזיערע רינגלט אים ארום און ארום דער אזיערע איז א פארק באזעצט מיט הויכע בוימער און בלומען גערטנער. ער שיינט אראפ מיט זיין פולן גלאנץ אין די בלויע וואסערן פון דער אזיערע און איר זעט 2 גאלדענע פאוויליאנען ארויף און אראפ אין זייער פולער מאיעסטעטישקייט.

עס איז שווער צו משפט'ן וועלכער פון זיי איז מער פאנטאסטיש? קיאטא איז א גרויסער צענטער פון זייד אויסארבעטונג און דער בעסטער זייד קומט פון דארטן. די ווייכע וואסער פון קאן ריווער זיינען זייער גוט פאר דעם וואשן פון זייד.

פארנדיק ביי די זייטן פון טייך זעט מען ווי די גאנצע לענג פון די ברעגן זיינען באדעקט מיטן געוואשענעם זייד, וואס טריקנט זיך אנטקעגן דער זון און צענדליקער מענער און פרויען שטייען אין וואסער און וואשן מיט זייערע הענט דעם דינעם זייד.

מיר שטעלן זיך אפ ביי א גרויסער זייד פאבריק, וואו זיי מאכן אויך זייער קאסטבארע "עמברוידערי" מיט נעגל געמאכטער וועבעריי. די ספעציעלע ארבעטער ביי דעם פאך האבן זייערע נעגל געלאזט וואקסו וויניקסטנס אן אינטש די לענג און מיט אזעלכע לאנגע נעגל וועבן זיי אויס אלע סארטן מוסטערן אין זייד ביז 3 אינטשעס א טאג. די רייכע פרויען פון יאפאן מאכן זייער "אאוביס" פון דעם טייערן מאטעריאל און דאס באצייכנט דעם סטאנדארד פון דער העכסטער געזעלשאפט.

דער "העיאן שריין" איז אויפגעבויט געווארן מיט 65 יאר צוריק צום אנדענק פון קיאטאס אויפקום אלס הויפט-שטאט מיט 1100 יאר צוריק און אויך אין אנדענק פון ערשטן "עמפעראר-קאממו" וואס האט געהערשט אין יענער צייט 806 — 739.

דער "העיאן-שריין" איז אויך אן אנדענק פון אימפעראטאר "קאמעי" דעם היינטיקן עמפעראר'ס עלטער זיידן וואס האט געקיניקט פון 1866 — 1831. דער "שריין" איז קאפירט פון דעם ערשטן קעניגלעכן פאלאץ פון 794 און איז ארומגערינגלט מיט א וואונדערלעכן פארק גארטן וואס איז איינגעטונקט אין טשערי-בלאסאם" אין פרילינג. הונדערטער מענטשן קומען אהער טעגלאך און האבן הנאה פון דער שטילער רעליגיעזער אטמאספערע וואס הערשט דארטן. איבער דעם טייכל וואס שניידט אדורך דעם פארק איז אריבערגעווארפן א בריק פון אויסערגעוויינלעכן סטיל פון ארכיטעקטור. עס שטייען צענדליקער מענטשן און קוקן אראפ אין וואסער וואו עס שווימען ארום אלערליי מינים פיש פון א סך קאלירן.

דאס סאמע אינטערעסאנטע אין די פארקן זיינען די ספעציעלע פארמען אין וועלכן עס זיינען ארומגעשניטן די ביימער.

די יאפאנעזער זיינען גרויסע ספעציאליסטן אין דער אויפפאסונג פון גערטנער און אין דער אראנזשירונג פון בלומען

איר ווערט אמאל אזוי פארכאפט מיט דער עקזאטישקייט פון גארטן, אז איר פארגעסט, אז איר זייט געקומען זען א היסטארישן טעמפל. מיר פארן אין האטעל צו קענען כאטש אביסל פארדייען וואס מיר האבן זיך אנגעזען דורכן טאג.

נאך אוונטברויט פארן מיר צום נייעם "מיאקא" האטעל וואס איז ווייטער אוועק פון צענטער — שטאט און איז געבויט אויף א הויכער טעראסע. דארטן טרעפן מיר א גרויסע צאל אמעריקאנער טוריסטן, וואס שמועסן וועגן שאפינג אין טאקיא. קומענדיק צוריק אין אונדזער האטעל, געפינען מיר אונדזער יאפאנעזישן צימער אין גאנצן גרייט פאר דער נאכט. אויפן פלאר זיינען אויסגעבעט 2 ווייכע געלעגערס מיט קלאר ווייסע קישנס און א מין פערענע אויף זיך צוצודעקן. עס פילט זיך אן אומהיימלעכקייט אין זיך אויסטאן און אראפנידערן אונטן און זיך אויסציען אויפן דיל. איין זאך איז זיכער, אז אראפפאלן וועט מען ניט.

דער ערשטער געפיל פון געפאלנקייט פארשווינדט, ווען מען דעקט זיך צו מיט דער לייכטער פוכיקער פערענע און מען גיט אן אפרו די פיס וואס האבן דורכן טאג אויסגעשפרייזט גרויסע טיילן פון שטאט. די נאכט איז א דורך אין א פלאנטער פון חלומות און זעאונגען אויף דער וואר.

עס האט זיך מיר אויסגעדוכט, אז א קליינע פיר פיסיקע חיהלע שפאצירט ארום אין פאדער־צימער און באלד וועט זי ארייננשפאצירן אין שלאף-צימער און זיך מאכן היימיש אונטער דער ווארעמער פערענע מיט וועלכע איך בין איינגעדעקט. פון וואנען עס איז צו מיר געקומען אזא מחשבה אויסצוקלערן א פאלשן בילבול אויף א גאטס באשעפעניש, וואס איז אפילו ניט געווען אין אונדזער גרענעץ ווייס איך ניט איך ווייס נאר אז א גאנצע נאכט האט זיך מיר געפלאנטערט מיט בודאס, וואס שפילן זיך מיט די טעבטער פון די געטער און מיט "קאנקיובײנס" וואס קניען פאר זייערע הארן די שאוגאנס.

א נאכט, אפילו א לאנגע מוז זיך אויך ענדיקן און 9 אזייגער זיינען מיר שוין גרייט פאר דעם נייעם טאג פון פארן זען אלט יאפאן. אין "ניזשאקאסטל" האבן מיר שוין געטראפן אין דער פריאיקער מארגן שעה הונדערטער סטודענטן און סטודענטקעס, וואס זיינען געקומען לערנען זייער פאלקס געשיכטע פון דער ערשטער האנט.

די פאלאצן האבן געבויט פאר זיך דער "שאאוגאן טאקוקאווא יואסו" מיט 357 יאר צוריק. אין דעם גרויסן פאלאץ פון צענדליקע הויכע און ברייטע צימערן איז עד היום פארבליבן א סך קונסט בילדער, וואס זיינען געמאלן אויף די ווענט מיט גאלד־פאול.

אין אלטן יאפאן איז מיט הונדערטער יארן צוריק געווען באוואוסט די קונסט שולע פון זייער קינסטלער — "קאנא טאנואו" און די בילדער זיינען פון יענער קונסט שולע.

דער "שאאוגאן" איז געווען דער מיליטערישער מאכט האבער פון לאנד און זיין מאכט פלעגט אמאל איבערשטייגן די מאכט פון עמפעראר. איז דער ווונדער גרויס, וואס א מיליטער מאן אין אלטע צייטן האט זיך אויך אינטערעסירט מיט קונסט. אין צוויי פון די גרויסע צימערן, וואס איז היינט א וואקס מוזעאום זעט מען ווי דער "שאאטגאן" זיצט אין זיין קאבינעט און איינע פון זיינע באליבטע "קאנקיובייבס" טרעט אריין מיט גרויס הכנעה אין זיין פריוואטן צימער.

אנדערע ווידער זיינען שוין איבערגעבויט אין דעם זעלבן סטיל.

דער "היגאשי־האנגאדזשי" טעמפל איז געבויט געווארן אין 1602 און איז שטארק פארהייליקט ביי די בודא גלויביקע. דאס אינטערעסאנטסטע פאר אונדז אין דעם טעמפל איז די גרויסע שטריק וואס ליגט אונטער א גלעזערנעם צודעק און וואס איז געשמישט מיט פרויען האר.

אויף צו מאכן שטארקער די שטריק, וואס זיינען געווען נויטיק אויפצוהויבן די שווערע באלקנס, האבן פרומע יאפאנעזישע פרויען אפגעשארן זייערע האר און האבן דאס אוועקגעגעבן צו די בויער פון טעמפל לכבוד זייער בודא.

מיר באצאלן עטלאכע מטבעות צו דער אלטער יאפאנערין, וואס האט אונדזערע שיך ביים אריינגאנג צום טעמפל און מיר פארן זען די שטאט מיט אירע בולווארן און געשעפט געגנטן. מען האנדלט איין עטלאכע שטיקלעך זייד און א פאר קימאנאס, אביסל קליינקייטן און זילבער און נאכדעם פארלאזן מיר קיאטא אויפן וועג צו נארא.

נארא איז עלטער פון קיאטא און זי איז אמאל געווען דער צענטער פון יאפאן פאר אינדוסטריע, קולטור און קונסט. זי איז געווען די הויפט שטאט פון יאפאן פון יאר 794־710 ווען קיאטא האט איבערגענומען די פירערשאפט. זי איז אמאל געווען א סך גרעסער ווי זי איז היינט, ווייל זי איז ניט שטארק צוריק געבויט געווארן נאך די גרויסע פייערן. נארא איז געבויט אין וואונדערלעכע בערגיקע

ארומיקייטן און דארטן הערשט א שטילע און רואיקע אטמאספערע.

דער וועג פון קיאטא ביז נארא איז א גוטער און אויף מיילן טיף זיינען די פעלדער באדעקט מיט רייז, וואס ווערט ערשט אויפגעקליבן און אראפגענומען. די ערד איז שוין האלב טרוקן, ווייל עס איז די צייט פון שניט. אין דער צייט פון פארזייען זיינען די רייז פעלדער באדעקט מיט וואסער פון די איריגאציע קאנאלן וואס שניידן זיי אדורך. עס זעען זיך אויך אן קליינע פעלדער באוואקסן מיט גרינעם טיי און אויך וויינטרויבן גערטענער.

אין האטעל נארא וואו מיר פארפארן קומט פאר א רייכע יאפאנעזישע חתונה. די מחותנים זיינען אנגעטאן אין לאנגע "טיילס" מיט גרוי געשטרייפטע הויזן און די מחתנתטעס אין קאסטבארע שווארצע קימאנאס, די כלה אויסגעפוצט אין ווייסן און איר שיינע שוועסטער, די מייד אף האנאר, אין א זייד פון אראנדזש קאליר.

אין האטעל גארטן וואס קוקט אראפ אויף אן אזיערע אונטן שטייען אויסגעשטעלט א סך שטולן און די פארטי זעצן זיך אויס פאר נעמען בילדער. איך באנוץ זיך מיט מיין קאמערא און נעם אויך בילדער צוזאמען

ביי יאפאנעזער איז עס א כבוד, ווען זייטיקע קומען באאבאכטן זייער שמחה.

דער חתונה מאלצייט קומט פאר אין דעם גרויסן סאלאן פון האטעל און אויף די טישן זיינען אנגעשטעלט יאפאנישע מאכלים פל המינים. דער עיקר א רויע פיש פאר יעדן איינעם. רויע פיש איז א יאפאניש פאלקס מאכל וואס איז דארטן שטארק באליבט. איך, למשל, וואלט דאס ניט געקענט עסן אפילו נאך א תענית. דורך דער צייט פון מאלצייט האט אינער האלב געזאגט און געזונגען עפעס א תפילה, וואס האט אויסגעזען ווי מען וואלט געלייענט די מגילה אין א ספרדישער שול. להבדיל.

מיר פארן צום "שינטא־קאסוגא" שריין, וואס איז איינער פון די עלטסטע אין יאפאן. דער שריין איז געבויט געווארן אין יאר 768 און ער פארמאגט 3000 לאנטערנס. די גרויסע לאנטערנס הייגען אראפ מיט אייזערנע שטריק פון דאך פון שריין און ציילן זיך אין די הונדערטער. די איבעריקע שטייען איינגעבויט אין מאנומענטן, וואס יעדער פון זיי טראגט אן אנדער נאמען.

אין דער סינעראמא "זיבן וואונדער פון דער וועלט" איז דער "קאסוגאשריין" באצייכנט געווארן אלס איינער פון די זיבן. 3 מאל אין

טאג קומען דארט פאר גאטעס־דינסטן נאר פון די שינטא פריסטער און מיר האבן בייגעוואוינט איינער.

דער טאדאאידזשי טעמפל געפינט זיך אין צפונדיקן טייל פון נארא. ער איז געבויט געווארן אין יאר 745 און איז פון די עלטסטע בודא טעמפלען אין דער וועלט. דער טעמפל איז געבויט א סך העכער ווי די דורכשניטלעכע בודא ווייל דארטן שטייט די גרעסטע בודא סטאטוע אין דער וועלט.

די סטאטוע איז אויסגעשמידט פון ריינעם בראנז און איר וואג איז 550 מעטריק טאן. דער בראנזענער בודא איז 72 פוס די הויך און 40 פוס אין זיין ברייט. די לענג פון פנים איז 16 פוס די אויג איז 3 פוס די האנט 6 פוס און דער גראבער פינגער 5 פוס, 966 בראנזענע לאקן הענגען אראפ אויף זיינע אקסלען און אזוי זיצט ער אין זיין זיכערער איינגעזעסנקייט און האט אן אייזערנע הנאה פון זיינע גלויביקע, וואס בוקן זיך צו אים שוין הונדערטער יארן.

פון דאנען פארן מיר צו דער פינף עטאזשיקער פאגאדא וואס שטייט אויף א בארג און שיינט אראפ אין סארוסאווא טייכל אונטן אראפ. ניט ווייט פון דאנען איז דער נארא פארק, וואו עס לויפן ארום פראנק און פריי 800 געטיימטע הירשן־דיער. זיי חבר'ן זיך מיט די מענטשן וואס קומען אין פארק און זיי עסן פון זייערע הענט. א שיינער צוזאמענלעבן פון מענטשן מיט זיין שכן די חיה.

פארענדיק צוריק צום צענטער פון אלטן נארא פארן מיר פארביי דעם שיינעם בארג "וואקאקוסא יאמא" וואו עס זיינען די "פיקניק גראונדס פון דער אמאליקער הויפט שטאט נארא. הונדערטער פאמיליעס מיט זייערע קינדער זיינען צעלייגט אויף דער גרינער קאלדרע פון בארג און ווי אומעטום האבן זיי הנאה פון גאטס שיינער וועלטל.



# אסאקא

דער נייער וועג צו אסאקא איז יאפּאנס ערשטער "טורנפּייק" און דער דורכפּאר איז א באצאלטער. דער וועג איז דורכגעשניטן דורך א צאל הויכע בערג און די לאנדשאפט איז א פּרעכטיקע. מיר פּארן פּארביי אן אויסערגעוויינלעכן שיינעם גאלף פּלאץ ווו צענדליקער מענער און פרויען שפּילן גאלף.

דער אריינפּאר אין אסאקא איז ניט אימפּרעסיוו און גאר ניט גרויס שטאטיש. די הילצערנע הייזלעך וואס שטייען ביים וועג גיבן דעם איינדרוק פון א גרויסן דארף ערגעץ אין רוסלאנד און איר וואונדערט זיך צי האט מען אמאל ניט פּארבלאנדזשעט אין אן אנדער געגנט. פּארט מען אריין טיפער אין שטאט דערזעט מען א ריזן שטאט פון ברייטע בולווארן מיט הויכע אימפּאזאנטע געביידעס און גרויסע געשעפטן. אסאקא איז א גרויסער טעקסטיל צענטער אין יאפּאן וואו צענדליקע גאסן זיינען איבערפולט מיט גרויסע "האלסעיל" סקלארן פון טעקסטיל. זי איז פּילייכט די איינציקע שטאט אין דער וועלט וואו די קאנצענטראציע פון בראנזשעס אין באזונדערע געגנטן איז אזוי שטארק צעטיילט.

אין דעם "דאטאנבארי" צענטער, וואס געפינט זיך ביים ברעג פון אסאקא ריווער געפינען זיך די גרויסע מואווי־הייזער און אלע טעאטערן פון שטאט. דארט זיינען אויך די גרויסע רעסטאראנען, קאפעען און אלע קאבארעטן פון אסאקא. די געגנט ווערט אנגערופן — דער "אמיוזמענט צענטר דאטאנבארי" און זי איז די סאמע אילומינירטע געגנט אין שטאט.

הונדערטע טויזנטער פּילן אן אירע גאסן און געסלעך און דער געדריינג איז גרויס אין די אוונט שטונדן.

אויף דער רחבות'דיקער "מידא סודזשע" גאס שטייען די גרויסע דעפּארטמענט געשעפטן און די מאדערנע אפיס געביידעס. די באוועגונג אויף די הויפּט גאסן איז קאכיק און רוישיק און דער אוטא

און באס פארקער איז אין א שטארקן געדרענג. מיר פארן פאמעלעך באקוקן די דריי מיליאניקע גרויסע שטאט און זעהען זיך אן מיט דאס אינטערעסאנטע

קומענדיק צוריק אין דעם נייעם גראנדיעזן האטעל "אסאקא־גראנד" איז מיר געקומען אויפן זינען ש. ביקלס בוך " א שטאט אן יידן" אין די דריי גרויסע שטעט, וואס מיר האבן באזוכט זיינען קיין יידן ניטא, ניט אין אסאקא ניט אין קיאטא אדער נארא. זיי קומען אהין פאר מסחר אדער פאר א טור, קיין שטענדיקע יישובים זיינען דארט קיינמאל ניט געווען.

אין ביקל'ס "שטאט אן יידן, זיינען דאך יא געווען יידן, א סך יידן. זיי האבן דארטן געלעבט פאר לאנגע דורות, אויפגעבויט אינסטיטוציעס, געשאפן אן אייגנארטיק לעבן און צוגעטראגן מער ווי זייער חלק צום וואוילזיין פון זייער לאנד. פארוואס זשע איז יענע שטאט און גאר א סך אנדערע שטעט געבליבן אן יידן? פארוואס און פארוועו? און נאך טויזנט מאל פארוואס? איך זוך דעם ענטפער אין דעם פנים פון דער בודא סטאטוע, וואס שטייט אין פארק קעגנאיכבער דעם האטעל און דער בודא שווייגט מיט זיין פארשטיינערטן שמייכל. זיינע צוגעמאכטע ליפן מאכן דעם איינדרוקמ ווי זיי וואלטן געוואלט ארויסברענגען א "מם" מעריב, אייער מעריב ציוויליזאציע האט דערפירט דערצו וואס עס איז געשען. אייער מעריב מאטעריאליזם האט געמוזט פירן צום אויסמארד פון שוואכע פעלקער.

שטייען זיי די שטעט אן יידן אין ווייטן מזרח, וואו זיי זיינען קיינמאל ניט געווען און אין מיטעלן מעריב וואו זיי זיינען געווען אין מיליאנען זיי זיינען מער ניטא און דער שופט כל הארץ שווייגט.

אין טאקיא אויף איינע פון אירע הויפט גאסן געפינט זיך אין א גרויסער אפיס געביידע דער עקספארט־אימפארט געשעפט פון סאלאמאניק און בעלל. סאלאמאניק איז א מענטש אין די פערציקער און איז פון די וויכטיקע יידישע כלל טוער אין טאקיא. זיין שותף בעלל איז מערסטנס אויף דער רייזע פון געשעפט און זיין פרוי לאלא איז דער שטארקער נערוו פון געשעפט.

זי איז געבוירן אין שאנכיי און רעדט רוסיש, כינעזיש און יאפאניש ווי א וואסער. זי רעדט אויך א גוטן ענגליש. און א גאנצן טאג רעדט זי. לאלא איז פון מיטעלן וואוקס מיט א שיין פנים און ברענענדיקע אויגן. די פערל, וואס זי ווייזט אייך זעען אויס שיינעוודיקער ווי ערגעץ אנדערש, ווייל עס פאלט אויף זיי דער אפגלאנץ פון אירע אויגן.

זיי זיינען נאענטע פריינט פון די סיטרינס און צוזאמען כאפט מען א קערטל. לאלא שפילט קארטן נאר מיט מענער און אין אזארט פון איינשטעלן שטייגט זי די מענער אויך אריבער. זיי לאדן אונדז איין אין "אמעריקען קלוב" פאר לאנטש און דא פילט איר זיך ווי איר וואלט געווען אין א רייכן קלוב אין לאס־אנדזשעלעס אדער ניו־יארק.

די לעצטע עטלעכע טעג פון אונדזער זיין אין יאפאן פארברענגען מיר אין דער הויפט שטאט.

מיין פרוי האנדלט איין מציאות אין זייד־לענגן פאר זיך און פאר די קינדער און צעשיקט זיי אין קליינע פעקלאך אויף 17 אדרעסן. די קימאנאס מיט קליינע קימאנאס האט מען שוין לאנג ארויסגעשיקט. באזוכן מיר מוזעאומס און שאוס און מען רוט זיך אויס פאר דער נאענטער רייזע איבער דעם אומענדלעכן פאסיפיק צו האנאלולו.



# האנאלולו

דעם פרייטיק אוונט וואס מיר האבן פארלאזן טאקיא איז ביי מיר אויסגעפאלן דער יארצייט נאך מיין גאטזעליקן פאטער ע״ה. אין יידישן קלוב האט מען מיר צוגעזאגט, אז אויך איך וועל פארבלייבן אין טאקיא פאר נאך א טאג, וועג מען מאכן זיכער עס זאל זיין א מנין פרייטיק אוונט און שבת. האב איך זיי ניט געוואלט מטריח זיין, אז צוליב מיר זאלן 10 יידן דארפן אויפגעבן זייערע געשעפטן און קומען דאוונען. ווידער זיינען די רעזערוואציעס געווען געמאכט מיט ״בי.א.עי.סי״ אויף דעם טאג. וואס זשע טוט מען פארט? איז צו דעם אויך פאראן אן עצה. אויף דער ״אינטערנאשיאנאל דייט ליין״ ליגן אוועקגעלייגט פעק מיט 24 שעהדיקע טעג, וואס יעדער איינער וואס פארט צוריק אהיים קריגט א באנוס אומזיסט.

איז ווען מיר זיינען אנגעקומען קיין האנאלולו דעם צווייטן אין דער פרי, איז דארטן ערשט געווען פרייטיק און ביז אין אוונט האב איך נאך צייט געהאט אויפזוכן א יידישע שול און זאגן מיין קדיש.

די האוואאי אינדזלען זיינען 4000 מייל אוועק פון טאקיא און זיי זיינען עטוואס מער ווי העלפט וועג פון ברעג פון קאליפארניע. אויפן לופטפעלד באגעגנט אונדז די ערשטע ״הולא גוירל״ און זי פארפוצט יעדן פאסאזשיר מיט א ״ליי פון אלע מינים קאלירן. דער ראיאל האוואיען״ האטעל אין טייל פון האנאלולו, וואס הייסט ״וואיקיקי ביטש״ — שטייט פאלאץ־מעסיק אין זיין אייגענעם גרויסן פארק, איז דער שענסטער האטעל אויף די אינדזלען. זיינע אור־אלטעביימער זיינען צעצווייגט ווי גריסע שירעמס און זיי לאזן ניט אדורך די שטראלן פון דער ברענענדיקער זון. דער ווייסער זאמד אויפן ״ביטש״ זעט אויס ווי צעמאלענער צוקער און הונדערטער פארלעך אין ״ביקיני״ ״שווים־סוטס״ לויפן אדער זיצן אויף זיין ווייסער צומאלנקייט. ״סוירף ריידער״ אויף זייערע רויטע ברעטלאך גליטשן זיך צום ברעג מיט דער שנעלקייט פון די שווימיקע כוואליעס, וואס איילן זיך צום ברעג מיט א ווייסן שוים אויף זייערע ליפן. די וואסערן פון פאסיפיק זיינען בלוי ווי דער הימל און די ווייסקייט פון האטעל שפיגלט זיך אין זיי.

איך נעם זיך צום טעלעפאן־בוך אויסגעפינען דעם נאמען פון א "היברו" סינאגאגע און ניטא קיין זכר פון עפעס וואס הויבט זיך אן מיטן ווארט "היברו". איך זוך אין די אותיות "ט" פאר טעמפל ס'איז דא — טעמפל "עמנו־אל". אפגעקלונגען דעם נומער, האט מען מיר געענטפערט, אז 8 אזייגער וועט זיין א "סערמאן" און דער אדרעס איז 1212 אוניווערסיטי.

נאכן אוונט ברויט זיינען מיר אוועקגעפארן צום אנגעגעבענעם אדרעס און איך האב מיינע אויגן ניט געגלויבט. 1212 איז דער נומער פון "קראס ראד טשוירטש", וואס שטייט ניט הויך געבויט און אן א צלם. אריינקומענדיק אינווייניק האט מען אונדז באגריסט מיט א גוט שבת און אונדז באזעצט שיעור ניט אויבן אן. מען האט צעטיילט די "פרייער־בוקס", מען האט אריינגעטראגן א קליינען ארון־קודש און דער יונגער ראביי האט פארנומען זיין פלאץ. דער כאר האט אנגעהויבן זינגען "שלום עליכם" דער ראביי האט אויסגערופן די נומערן פון די בלעטלאך, וואס אלע האבן נאך געזאגט מיט קלויסטער פרומקייט. מען האט ארויסגענומען א ספר תורה פון קליינעם ארון־קודש און געלייענט די ערשטע פרשה פון דער וואך "וירא" און א שטיקל הפטרה. מען האט נאכגעזאגט מיט ראביי נאך עטלעכע תפילות אין ענגליש און דאן האט דער ראביי געמאכט א פיינעם קידוש מיט א גאר פיינער שטימעלע.

דעם סערמאן האט געהאלטן א פראטעסטאנטישער גלח און געדרשנט האט ער וועגן קאפיטל ע"ג אין תהילים. איך מוז אייך זאגן דעם אמת, אז דער "ערל" קען גאר גוט תהילים. מען האט פארענדיקט מיט דעם ענגלישן "עלינו" און דא האב איך דאס אפגעזאגט מיין קדיש נאך מיין פרומען טאטן, וואס איז נאך געווען א פארברענטער סטאלינער חסיד. וואס פאר א "עלית נשמה" מיין טאטע האט דארטן געקראגן אויף יענער וועלט, איז שווער צו זאגן. אין צייטן פון גרויסן אטעאיזם איז דאס אויך אמונה.

נאכן דאוונען זיינען ביים ארויסגאנג געשטאנען דער ראביי מיטן גלח להבדיל און א פאר פון די חשובע בעלי־בתים און האבן יעדן פון די מתפללים געוואונטשן גוט שבת.

אין דער זעלבער צייט האט מען צעטיילט קליינע קאנווערטן פאר א ביישטייערונג פאר דעם נייעם טעמפל, וואס ווערט ערשט אויפגעשטעלט אין האנאלולו. דער פרעזידענט אנאנסירט, אז די געסט וועלן געבראכט ווערן צו זייערע האטעלס מיט די פריוואטע אויטאס פון די מיטגלידער פון טעמפל וואס פארן צוריק א היים.

מיר זיינען געפארן מיט מר. און מרס. בען פרידמאן — א געשעפט מאן אין האנאלולו און פארנדיק האבן זיי אונדז געוויזן דעם

רייכן רעזידענץ געגנט פון שטאט, וואס איז אויסגעבויט אויף די הויכע בערג "אלא ועסטמאונט" נאר א סך העכער.

די יידישע געמיינדע פון האוואי באשטייט פון 120 פאמיליעס. זיי לעבן אלע אין האנאלולו און זיינען גאנץ פיין איינגעארדנט. דער געזעלשאפטלעכער לעבן איז קאנצענטרירט ארום טעמפל. פון דארטן שעפט מען די רעליגיעזע באגייסטערונג צו בלייבן עקזיסטירן ווי א קליינע מינאריטעט. עס איז דא עפעס פון א "סאנדעי סקול" וואו די קינדער לערנען עפעס פון זייער געשיכטע. דער גרעסטער טייל פייערן די יידישע ימים טובים און ווען דער טעמפל וועט פארטיק ווערן, וועט ער זיין דער קאנצענטראציע פונקט פון יידישן אויסלעבן זיך אין א רעפארמירטער יידישקייט.

די לוקסוס שיף, וואס פירט אונדז צו פוירל-הארבאר הייסט "אלי אלי קאי". זי האט אמאל באלאנגט צום האנאלולוס מאגנאט, הענרי קייזער, וואס איז דערגרעסטער אייגנטימער אין דעם אינדזל'ס פארמעגן. זי איז געבויט ווי א קאטאמארא און האט געקאסט א מטמון מיט געלט. קייזערן איז צוגעגעסן געווארן די זעלבע שיף האט ער איר פארקויפט פאר דעם טור צו פוירל-הארבאר.

פארן מיר אריין דורך א שמאלן אריינגאנג אין דעם קיילעכדיקן "ביי" פון פוירל-הארבאר און דערזעען דארטן דעם גרעסטן חורבן אין דער געשיכטע פון ים פלאטן. דער ערשטער שטאלענער קבר איז די "אריזאנא" מיט אירע 1100 אמעריקאנער זין וואס האבן יענעם פרימארגן פון זיבעטן דעצעמבער געזונקען צו די טיפענישן און זיינען דארטן פארבליבן אין אייביקער נאסקייט.

צענדליקער "דעסטרויערס" ווייקן זיך אויפן אפגרונט לעבן. די ריזיקע קריגס-שיף "אקלאהאמא" און וועסט וויקטאריא" וואס האבן געטיילט דעם זעלבן שיקזאל.

די גרויסע קריגס שיף "נעוואדא" וואס האט אויסגעהאלטן דעם פייערדיקן אנפאל און האט זיך ארויסגעריסן פון פוירל-הארבאר איז געזונקען שפעטער מיט שטונדן ווען דער פייער האט איר ארומגעכאפט פון אלע זייטן.

אין איין שטונדע האט דער אמעריקאנער ריז אריינגעכאפט די שטארקסטע קלעפ אין זיין געשיכטע און ער איז שיעור ניט פריטשמעלעט געווארן. פון אנהויב האט דאס אויסגעזען ווי א "נאקאוט" אין באקסינג פארמעסט. און דער וועלט "רעפערי" האט געהויבן דעם געווינערס האנט. דער ריז האט זיך אבער אויסגעשוכעט פון די שטארקע קלעפ. ער האט פארבאנדעזשירט זיינע וואונדן און האט גענומען קלייבן פרישן כוח פארן גרויסן פארמעסט מיטן

אנגרייפער. די לאנגע הענט פון ריז האבן מיט איין מאל אנגעהויבן ווארפן שווערע קלעפּ אויף רעכטס און אויף לינקס.

א זעץ אין די פיליפינען מארדע און א כמאל אין נאז אין אקינאווא און נאך און מער, ביז די מיזורי איז ארייננעפארן אין טאקיא „בעי" און דארטן האט מען אונטערגעשריבן וואס מען האט געהייסן.

די בערג פון די האוואאי אינדזלען זיינען אמאל געווען ווולקאנען וואס האבן געשפּיגן מיט פייער. דער גרעסטער טייל פון זיי האבן זיך שוין געגוג אנגעשפּיגן און זיינען פארלאשן געווארן. אויף דעם גרעסערן אינדזל, וואס מען רופט אים „האוואאי" זיינען נאך געבליבן עטלאכע בערג וואס ווילן זיך ניט אויסלעשן. ווען מיר זיינען אנגעקומען אין האנאלולו האט די פייער געטן „פּעלע" — וואס וואוינט צווישן די ווולקאנישע בערג אויף דעם האוואאי אינדזל, אפּגעשפּילט א פייער ספּעקטאקל מיט גרויס ברען. פון די טיפע אפּגרונטן וואו עס קומט פאר דער שטענדיקער פארמעסט צווישן די נאטור כוחות און וואו עס זידט שטענדיק מיט פייער און וואסער מלחמות, האט זי מיט איר שפּרוך באפוילן די באהאלטענע כוחות צו צעשמעטערן דעם בארג און אים צו קאכן אין פייערדיקער לאווע, וואס זאל זיך גיסן ווי פייער־וואסער.

טויזנטער מענטשן זיינען געפלויגן צום אינדזל, „האוואאי" אנצוקוקן די גרויסע זעאונג. מיט גרויס מי האבן מיר געקראגן רעזערוואציעס און מיר זיינען אהין אויך געפלויגן.

אויף אונדזער רייזע ארום דער וועלט האבן מיר זיך אנגעזען מיט גרויסע וואונדער און מיט א סך שיינקייטן. דא האבן מיר געזען מעשה בראשית. מיר האבן געזען די געשיכטע פון וועלט באשאף.

א האלבער ברכי־נפשי איז געשטאנען אויסגעקריצט מיט פייערדיקע אותיות. „יעלו הרים ירדו בקעות אל מקום זה יסדת להם". מיליאנען טאן פון צעשמאלצענעם שטיין אויסגעמישט מיט ערד, גיסן זיך אין פייער פלאמען ווי פאנטאנען צו אהויך פון מער ווי טויזנט פוס.

פון דער הויך גיסן זיי זיך אריין אין א קרייטער פון עטלעכע מייל, וואס איז מיט טויזנטער יארן צוריק ארייננעזונקען צו א טיף פון 700 פוס. די זעאונג איז אומגלויבלעך אבער מיר זעען עס פארט. מיר זעען די אפּגעסמאליעטע ביימער וואס שטייען ניט ווייט אוועק פון ווולקאן זיי שטייען פארטריקנט און קוקן אין רוים מיט זייערע אויסגעברענטע אויגן.

דער מייליקער קרייטער פילט זיך אן ביז א העלפט מיט דער צושמאלצענער לאווע, עס קאכט און עס זידט אין אים מיט דער

